יאַטשקאָווסקיס
„פּאָפּולער וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק"

ד"ר א. גינזבורג

# דער תלמוד

פאַרגרעסערטע און פאַרבעסערטע אויפלאַגע

וואַרשע—ניו־יאָרק 1931

# א י י נ ל י י ט ו נ ג

דאָס מזל פון זיין פאָלק, וועמענס גייסט עס האָט אים באַשאַפן, האָט דער תלמוד.

ווי זיין פאָלק, אַזוי איז אויך דער תלמוד פאַרפאָלגט און פאַר־האַסט געוואָרן לאַנגע, לאַנגע בלוטיקע יאָרהונדערטער. צו שרייבן די געשיכטע פון די פאַרפאָלגונגען פון תלמוד — הייסט צו שרייבן יענע לאַנגע, אומענדלעך טרויעריקע און שרעקלעכע געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק אין די פינסטערסטע פון די פינסטערע יאָרהונדערטער פון דער מענטשלעכער געשיכטע.

און אויך ווי זיין פאָלק איז דער תלמוד פאַרהאַסט און פאַר־פאָלגט געוואָרן דערפאַר, וואָס די א ו י ס ע ר ע וועלט, די „ליבע״ קריסטלעכע וועלט, האָט נישט פאַרשטאַנען און נישט געוואוסט זיין גייסט; האָט נישט פאַרשטאַנען, ווייל זי האָט נישט ג ע וו אָ ל ט און דעריבער נישט געקענט פאַרשטיין. דער תלמוד איז פאַרמשפט גע־וואָרן איידער מען האָט אים אויסגעפאָרשט, פאַראורטיילט געוואָרן היג־טער די אויגן, אָן עדות און נישט אויסהערנדיק, וואָס ער האָט צו זאָגן, מיט וואָס ער קאָן אויף זיך מלמד זכות זיין.

ווי טויזנטער פון זיין פאָלקס בעסטע קינדער איז אויך דער תלמוד נישט איין מאָל נדון געוואָרן לשרפה; נישט איין מאָל איז ער געפירט געוואָרן אויף דעם אויטאָ־דע־פע, און נישט איין מאָל האָבן די קריסטלעכע גייסטלעכע פון אַלע שאַטירונגען זיך שוין געפרייט, אַז אָט האָבן זיי ענדלעך פאַרניכטעט זייער אַרכי־שונא, דעם אבי אבות הטומאה, דעם פאַרפלוכטן תלמוד. אָבער יעדעס מאָל איז זייער שמחה געוואָרן אומזיסט. ג מ ר ו ת, אַ סך גמרות, גאַנצע בערג גמרות האָבן זיי פאַרברענט, דער תלמוד איז אָבער יעדעס מאָל נצול געוואָרן. דאָס אַלטע עם קשה עורף, דאָס האַרטנעקיקע יידישע פאָלק האָט אַ״ך מער געהיטן דעם תלמוד, וואָס מער ער איז פאַרפאָלגט געוואָרן, מיט אמת־דיקן מסירת נפש, צו וואָס דאָס אַלטע מאַרטירער־פאָלק איז פון לאַנג געוואוינט, האָט עס געטראָגן מיט זיך דעם תלמוד דורך פייער און

וואַסער, דורך די אַלע נע־ונדן, דורך די אַנצאָליקע גלותים, וואָס עס האָט דורכגעמאַכט אין זיין לאַנגן וואַנדערער־לעבן צווישן די פעלקער.

מיט דעם בלוט און טרערן פון דעם יידישן פאָלק זענען דורכגעווייקט און אָנגעזאַפּט די בלעטער פון דעמדאָזיקן מערקווירדיקן בוך. און דידאָזיקע בלוט און טרערן האָבן עפּעס ווי דורך אַ נס זיי גראָד פאַרהאַרטעוועט, פאַרוואַנדלט אין שטאָל און אייזן, פון וועלכן דאָס יידישע פאָלק האָט געשמידט זיינע כּלי־זיין, יענע וואונדערבאַרע כּלי־זיין, מיט וועלכע עס האָט מלחמה געהאַלטן פאַר דעם קיום האומה, פאַר דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. דער תּלמוד איז געוואָרן די פעסטונג, וואו דער ייד האָט זיך פאַרבאָרגן, באַהאַלטן פון זיינע שונאים; הינטער זיינע דיקע מויערן, וועלכע האָבן אים אָפּגעצוימט פון דער אַרומיקער וועלט, האָט דער ייד זיך געפילט זיכער, געשיצט. הינטער דערדאָזיקער גייסטיקער כינעזישער מויער האָט דאָס יידישע פאָלק זיך געשאַפן אַן אייגענע וועלט, וואו עס האָט געהאָפט, געחלומט און געליטן — געליטן, נישט פילנדיק די ליידן.

* *

*

איז דאָס יידישע פאָלק געווען גערעכט, וואָס עס האָט אַזוי שטאַרק און מיט אַזוי פיל שווערע קרבנות אָפּגעהיטן דעם תּלמוד? האָט עס דער תּלמוד פאַרדינט, איז ער ווערט די אַלע שווידערלעכע קרבנות? וואָלט נישט געווען בעסער פאַר דעם יידישן פאָלק, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, ווען די יידן וואָלטן נישט מיט אַזאַ מוראדיקער גבורה פאַרטיידיקט דעמדאָזיקן משונהדיקן בנין, וועלכן מיר רופן תּלמוד? די אַלע שאלות קאָן נאָר פרעגן אַזאַ איינער, וועלכער האָט פּשוט קיין ידיעה נישט וועגן געשיכטע בכלל.

אין לעבן פון פעלקער, ווי אין לעבן פון דעם איינצלנעם, קאָן מען איבערהויפּט קיין שאלות און קיין קשיות נישט פרעגן. מענטשן לעבן, ווייל זיי האָבן אַ לעבנס־אימפּולס, ווייל, ווי דער תּלמוד דריקט זיך אויס, „בעל כרחך אתה חי". זיי לעבן אָן שום טעאָריעס און חשבונות, אָן שום פאָרויס באַשטימטע צילן און תּכליתים; קיינער לעבט נישט פאַר קיינעמס וועגן — דאָס לעבן איז נאָר אַ פאַקט. און מענטשן פירן זיך אויף אַזוי און נישט אַנדערש, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן און נישט קיין אַנדערן קאָנען זיי זיך בעסער צופּאַסן צום לעבן, צו דער

סביבה, אין וועלכער זיי לעבן, צו דער ארומיקער נאטור, אין וועלכער זיי געפינען זיך, צו די אלע טויזנטער גרעסערע און קלענערע אומשטענדן, מיט וועלכע זיי מוזן קומען אין צוזאמענשטויס. מענטשן לעבן אזוי, ווי ז י י קאנען אמבעסטן גובר זיין אין דער מלחמה פאר דעם קיום, אין דעם קאמף פאר דעם דאזיין.

און דאס זעלבע איז אויך מיט פעלקער. יעדעס פאלק האלט מלחמה פאר זיין נאציאנאלן קיום, נישט ווייל עס האט אין דער ווירקלעכקייט וועלכע צילן אדער תכליתים, נישט ווייל די „השגחה העליונה" האט אים געגעבן א באשטימטע מיסיע צווישן די איבעריקע פעלקער, נישט ווייל עס איז אין דער ו י ר ק ל ע כ ק יי ט אן „אתה בחרתנו"-פאלק, נאר גאר פשוט, ווייל עס וויל לעבן, ווייל — „בעל כרחך אתה חי". און ווייל עס לעבט, וויל עס און מ ו ז וועלן לעבן ד ו ק א זיין אינדיווידועל נאציאנאל לעבן, ווי עס פאסט זיך פאר אים אמבעסטן, וואו זיין נאציאנאלער „איך" איז צום שטארקסטן בולט.

און ווייל עס וויל לעבן און דווקא אזוי לעבן, ווי עס פאכט זיך פאר אים אונטער די געגעבענע אומשטענדן צום בעסטן, זוכט עס אויך תכליתים, הייבט עס אויך אן צו זוכן מיסיעס אין זיין לעבן, געפינט אידעאלן און ווערט דאן ב יי ז י ך א י ן ד י א ו י ג ן אן „אתה בחרתנו"-פאלק — אין אנדערע ווערטער, עס זוכט אן אינהאלט צו זיין לעבן. דא קומט אריין דער ריין מענטשלעכער עלעמענט, וואו דער מענטש זוכט אריינצוטראגן ז יי נ ע מ ע נ ט ש ל ע כ ע באגריפן און מחשבות אין דער אויסערער נאטור; דאס איז דאס, וואס עס ווערט אנגערופן דער אנטראפאמארפיזם.

לאכן פון דעם „אתה בחרתניזם" פון וועלכן ס'איז פאלק, הייסט פשוט נישט פארשטיין די באדייטונג דערפון. יעדער יחיד איז ביי זיך אין די אויגן א תקיף, א גאנצער מאכער, ווייל דאס ליגט אין דער טבע פון דעם „איך"; און וואס מער אנטוויקלטער ער איז, אלץ מער זוכט ער אן אינהאלט צו זיין לעבן, ער פרווט געפינען די באדייטונג פון זיין לעבן און ער ארבעט זיך אויס אן אידעאל. דערדאזיקער אידעאל ליגט אבער בשום אופן נישט אין דער אויסערער וועלט. „לא בשמים היא", דאס איז נישט אין הימל, פון וועלכן ער איז באשאפן געווארן משׁשת ימי בראשית אלס אן אבסאלוטער אמת: דאס איז א פראדוקט פון דעם ריין מענטשלעכן אין לעבן, פון דער ניי-

נונג אין דעם מענטשלעכן שכל צריבערצוטראָגן זיינע מענטשלעכע באַגריפן אין דער נאַטור, זוכנדיק הכליתים און כוונות דאָרטן, וואו זיי זענען גאָר נישטאָ; זוכנדיק אַן אינהאַלט צום לעבן, ווען עס איז אין דער אמתן גאָרנישט מחויב צו האָבן אַן אינהאַלט, ווען עס איז אין תוך אינהאַלטסלאָז...

און אַזוי ווי די מענטשלעכע באַגריפן און מחשבות האַלטן זיך אין איין ענדערן און בייטן — דורך גאַנץ נאַטירלעכע אומשטענדן — און אַזוי ווי די סומע פון מענטשלעכן וויסן און פאַרשטיין ווערט אַלץ מער דורך דער טויזנט-יעריקער דערפאַרונג, מוזן זיך דעריבער צוליב נויטווענדיקייט אויך בייטן און ענדערן די באַשטימטע פאָרמען פון די מענטשלעכע שטרעבונגען און אידעאַלן. און אַזוי קומט אויס, וואָס די אידעאַלן פון נעכטן ווערן אויסגעלאַכט און פאַרוואָרפן היינט, און די היינטיקע וועלן פונקט אַזוי אויסגעלאַכט ווערן מאָרגן. די מענטשהייט האַלט אין איין בויען און אין איין פאַרניכטן טעמפּלען; זי מאַכט חרוב די טעמפּלען פון נעכטן און בויט אויף זייער אָרט נייע, וועלכע וועלן שפּעטער אין זייער צייט אויך פאַרניכטעט ווערן. געטער ווערן צעבראָכן און געטער ווערן געשאַפן, אַזוי איז עס געווען, אַזוי איז עס און אַזוי וועט עס מסתמא זיין עד סוף כל הדורות, ביז וואַנען מענטשן וועלן בלייבן נאָר מענטשן און וועלן דאַך וועלן זיין געטער.

יעדעס געזונטע פאָלק, פונקט ווי יעדער געזונטער יחיד, ווען עס קומט אויף אַ געוויסער מדרגה פון קולטור, הייבט עס אָן צו זוכן אַן אינהאַלט אין לעבן, אַ מיסיע, אַן אידעאַל. ס'איז נאַריש, אמת, אָבער ס'איז מענטשלעך. און יעדעס פאָלק געפינט זיך זיין מיסיע, זיין כלומרשטדיקע שליחות אויף דער וועלט; יעדעס פון זיי מיינט, אַז עס איז באַשאַפן געוואָרן מיט אַ צוועק צו פאַרשפּרייטן זיין קולטור אויף דער גאַנצער מענטשהייט. יעדעס פאָלק איז ביי זיך אין די אויגן אַן „אתה-בחרתנו"-פאָלק. אַזוי איז דאָס ענגלישע פאָלק, דאָס דייטשע, פראַנצויזישע, דאָס רוסישע און אַזוי ווייטער, און אַזוי איז אויך דאָס יידישע. דער „אתה-בחרתניזם" איז נישט נאָר אַ יידישע אייגנשאַפט, ער איז דאָ ביי אַלע פעלקער — עס איז אַ ריין מענטשלעכער כאַראַקטער-שטריך. די פאָרם, אין וועלכער ער דריקט זיך אויס, האָט זיך געביטן און האַלט זיך אין איין בייטן, אָבער

דער עצם בלייבט און מוז בלייבן, כל זמן עס בלייבן פעלקער, כל זמן עס זענען דאָ נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעטן, וועלכע ווילן לעבן אַלס אַזעלכע.

דער אתה-בחרתניזם איז לעכערלעך? מעגלעך, אָבער דאַן איז דאָס גאַנצע מענטשלעכע אין לעבן לעכערלעך, דאַן איז איבערהויפּט דאָס מענטשלעכע שטרעבן צו אידעאַלן לעכערלעך, וואָרים דער אתה-בחרתניזם פון אַ פאָלק, אַלציינס אין וועלכער פאָרם ער דריקט זיך אויס אין אַ געוויסער צייט, איז אין תוך געבומען נישט עפּוואָס אַנ-דערש, אַלס דער תירוץ אויף דער שאלה, וואָס לאָזט נישט רוען די פאָלקס-נשמה — צו געפינען אַן אינהאַלט אין לעבן.

*  *

*

נישט צי אין דער תלמוד ווערט די אַלע קרבנות, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געבראַכט פון זיינעטוועגן, דאַרף דעריבער זיין די שאלה, דידאָזיקע שאלה מוז פאַרענטפערט ווערן מיט אַ גרויסן „יאָ״. דאָס יידישע פאָלק האָט אין דער מלחמה פאַר דעם קיום האומה א י נ ס ט י נ ק ט י ו ו געטון דאָס, וואָס עס איז געווען פאַר אים אַמבעסטן דעמדאָזיקן קיום צו דערהאַלטן. פון דעם נאַציאָנאַלן שטאַנד-פּונקט, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, האָבן זיך, הייסט עס, די-דאָזיקע אַלע רדיפות און ענוים געלוינט, אַבי די נאַציאָנאַלע אינדיווי-דואַליטעט זאָל נישט פאַרניכטעט ווערן, זאָל זיך נישט צעמישן און פאַרשווינדן אין די אַרומיקע פעלקער. אין אַנדערע ווערטער, כדי צו זיין קלערער: א י ן ד ע ם א י נ ס ט י נ ק ט י וו ן ש ט ר ע ב ן פ ו ן ד ע ם יי ד י ש ן פ אָ ל ק צ ו ד ע ר ה אַ ל ט ן ז יי ן „א י ך״ ה אָ ב ן ד י אַ ל ע ק ר ב נ ו ת ג ע-מ ו ז ט ק ו מ ע ן אַ ל ס פ אָ ל ג ן פ ו ן א ו ר ז אַ כ ן. די פראַגע דאַרף געשטעלט ווערן: וואָס אַזוינס געפינט זיך אין תלמוד, אַז עס האָט בייגעטראָגן דערצו, וואָס דאָס יידישע פאָלק זאָל קאָנען מנצח זיין אין דערדאָזיקער שרעקלעכער מלחמה? אין וואָס ליגט די גבורה פון תלמוד, זיין שטאַרקייט, אַז ער האָט געקאָנט דינען און האָט לאַנגע יאָרהונדערטער געדינט אַלס אַן אומבאַזיגבאַרע פעסטונג פון דעם יידישן פאָלק?

כדי דידאָזיקע פראַגן צו פאַרענטפערן, מוז מען זיך נענטער באַ-קענען מיט דעם געבוי און אינהאַלט, מיט דער אַנטשטייונג און דער

אנטוויקלונג פון דערדאָזיקער מערקווירדיקער ענציקלאָפּעדיע, איינע
פון די ערשטע ענציקלאָפּעדיעס אין דער אַלגעמיין-מענטשלעכער
ליטעראַטור.



ביז איצטער, ד. ה., ביז די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָרן,
איז דער תּלמוד, אין אַלגעמיין רעדנדיק, באַטראַכט געוואָרן פון צוויי-
פאַרשידענע, אינגאַנצן קעגנגעזעצטע שטאַנדפּונקטן, וועלכע זענען ביי-
דע צוגלייך געווען פאַלש. דער ערשטער איז געווען: דער אָרטאָ-
דאָקסיש-רעליגיעזער שטאַנדפּונקט; דער צווייטער: דער אפּיקורסיש-
פריידענקערישער.

די ערשטע זענען אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער גאַנצער
תּלמוד מיט אַלע זיינע מפרשים, און די מפרשים צו די מפרשים, און
אפילו „כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש” — איז שוין געגעבן גע-
וואָרן צו משהן פון באַרג סיני; אַז אַלץ איז דעריבער הייליק און
טייער און עס קאָן דערפון גאָרנישט געענדערט ווערן. דער תּלמוד איז
קדשי קדשים און ער אַנטהאַלט אין זיך אַלץ, וואָס דער מענטשלעכער
שכל קאָן און דאַרף וויסן, מען דאַרף נאָר וויסן, ווי אַזוי עס דאַרטן
צו געפינען. דידאָזיקע מענטשן האָבן דורות לאַנג געלעבט מיט די באַ-
גריפן פון לאַנג פאַרשטאָרבענע צייטן, נישט פילנדיק און נישט וויסנ-
דיק, אַז זיי בלאָנדזשען אייגנטלעך אַרום אויף אַן עולם התהו, אויף
אַ וועלט, וואָס געהערט נישט צו זיי.

נישט ווייניקער פאַלש און נאַריש איז אָבער דער אַנדערער
עקסטרעם, די מיינונג פון די אַזויגערופענע אפּיקורסים און געשוואוירע-
נע פריידענקער. זיי האָבן פון זייער זייט פאַרשריגן דעם תּלמוד אַלס
אַ ווערק, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַלדאָס בייז, וואָס איז פול מיט אַלע
ווילדקייטן און נאַרישקייטן, מיט אָבערגלויבן, כּשוף און בבא-מעשיות;
אַלס אַ ווערק, וואָס איז טאַקע באמת אַ מצווה גדולה עס צו פאַרברע-
נען. די חכמי התּלמוד האָבן זיי באַטראַכט אַלס פאַרברעכער, שווינד-
לער און באַטריגער, וועלכע האָבן די אַלע בבא-מעשיות אויסגעטראַכט,
כּדי צו פאַרטעמפּן דעם עולם און דורך דעם אים צו קאָנען פאַר-
שקלאַפן. לויט זייער מיינונג האָבן די חכמי התּלמוד זיך נאָר עוסק
געווען אין געפינען וועגן און מיטלען צו מאַכן דעם עולם אַלץ נאַ-
רישער און נאַרישער, כּדי אים צו קאָנען באַהערשן. דידאָזיקע קלאַס

„פריידענקער“ איז בכלל מיט דער מיינונג, אַז רעליגיע, אַלע רעליגיעס, זענען נאָר שווינדל און אָפּנאַרעריי, אויסגעטראַכט פון חרטומים, גלחים און רבנים. דידאַזיקע אָרימע פריידענקער האָבן געהאַלטן אין איין באַשולדיקן און באַשמוצן די מענטשן פון די לאַנג־פאַרשטאָרבענע דורות נאָר דערפאַר, ווייל זיי, יענע מענטשן, האָבן געהאַט אַנדערע באַגריפן און מחשבות, אַנדערע מיינונגען און אַנשויונגען, ווי דאָס האָבן די אפּיקורסים גופא, וועלכע לעבן אין גאַנץ אַנדערע צייטן, אונטער גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען.

צווישן דיביידע עקסטרעמע אַנשויונגען איבער דעם תלמוד האָט זיך אויך געפונען אַ כּתּה, אַ טייל פון די „משכּילים“, וועלכע האָבן, אמת, שוין גאַנץ גוט איינגעזען, אַז די „חכמות“ פון דעם תלמוד זענען נאָך נישט דאָס לעצטע וואָרט אין דער וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע, אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן זיי געפּרוווט פאַרענטפערן די נאַרישקייטן, וועלכע געפינען זיך דאָרטן, אויף אַזאַ וועג, אַז זיי זאָלן זיך צופּאַסן צו די חכמות פון די היינטיקע צייטן. דאָס זענען די כּלומרשטדיקע ראַציאָנאַליסטן.

דידאָזיקע מענטשן האָבן געטון איין קלייניקייט: זיי האָבן אַריינגעלייגט אין די מיילער און אין די מוחות פון די לאַנג־פאַרשטאָרבענע אַזעלכע באַגריפן און געדאַנקען, וועלכע יענע האָבן גאָר בשום אופן נישט געקאָנט האָבן, נישט האָבנדיק דערצו דאָס נייטיקע וויסן. אזוי, צום ביישפּיל, האָבן זיך געפונען אַזעלכע „חכמים“, וועלכע האָבן זיך נישט געשעמט צו באַהויפּטן, אַז דאָס, וואָס עס געפינט זיך אין תלמוד, אַז דער גאַנצער חלל איז פול מיט מזיקין, האָט מען עס גע־מיינט די מיקראָבן, יענע קליינע מזיקים, וועלכע פילן אָן די גאַנצע לופט און זענען די סיבה פון אַלע עפּידעמישע קראַנקהייטן. אַ וואָס די גאַנצע מעשה מיט די מיקראָבן איז ערשט אַן אַנטדעקונג פון דער נייסטער וויסנשאַפט, און אַז יענע מענטשן האָבן דאָך דערפון נישט געקאָנט וויסן — בלייבט אַ קשיא! דאָס זעלבע קאָן מען אויך זאָגן וועגן די דינים פון טומאה וטהרה אין דער ביבל און אין תלמוד, וועלכע מאַנכע ווילן דערקלערן מיט די נייעסטע באַגריפן פון דער סאַניטאַציע וויסנשאַפט*). דער אמת איז אָבער, אַז יענע מענטשן האָבן טאַקע געגלייבט אין פּשוטע מזיקין, און אַז די דיני טומאה וטהרה זע־

---

*) די וויסנשאַפט, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט פאַרהיטן פון קראַנקהייטן.

נען גאָר אין זייער אורשפרונג אַרויס פון דעם „טאבו"-באַגריף, וועלכער איז געווען פאַרשפּרייט צווישן אַלע אַלטע באַרבאַרישע און האַלב-באַרבאַרישע פעלקער, און האָבן לכתחילה מיט דער סאַניטאַציע, ווי מיר פאַרשטייען עס היינט, גאָרנישט געהאַט צו טון.

נו, האָבן זיך אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָרן געפונען אַזעלכע מענטשן, וועלכע האָבן גענומען שטודירן דעם תלמוד פון אַ גאַנץ נייעם שטאַנדפּונקט — פון דעם קולטור-היסטאָרישן. זיי זענען ווייט פון דעם געדאַנק צו באַטראַכטן דעם תלמוד אַלס עטוואָס הייליקס, אַלס עטוואָס, וואָס איז און דאַרף זיין מאָסגעבנד פאַר אַלע צייטן אויף דור דורות. אין דער הינזיכט זענען זיי גרעסערע אפּיקורסים ווי די אפּיקורסים גופא. אָבער אין דער זעלבער צייט פעלט זיי דער פאַנאַטישער האַס און די ווילדע שנאה פון די אפּיקורסים, וועלכע מאַכט די לעצטע בלינד צו דעם אמת. דידאָזיקע נייע פאַרשער וואַרפן נישט מיט קיין שטיינער אויף די ארונות פון די פאַרגאַנגענע דורות, זיי שפּריצן נישט מיט גיפט און גאַל אויף זייערע קברים. זיי זוכן צו פאַרשטיין יענע צייטן, צו באַגרייפן דעם געדאַנקענגאַנג פון יענע מענטשן, אַריינטראַכטן זיך אין זייער וועלט.

קוים שטעלט זיך איינער אויף דעם קולטור-היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, מוז ער גלייך איינזעען, אַז „דור דור ודורשיו", אַז יעדער דור האָט זיינע געלערנטע, זיינע באַגריפן, זיין וועלט-אַנשויונג. ער פאַרשטייט גלייך, אַז מען קאָן נישט פאָדערן פון זיי, דאָס זיי זאָלן האָבן די זעלבע מיינונגען און געדאַנקען, די זעלבע שטרעבונגען און אידעאַלן, וואָס די מענטשן פון אַ פיל שפּעטערער צייט, פון אַ צייט פון גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען פון לעבן האָבן אויסגעאַרבעט. און אויב עמעצער פאָדערט עס יאָ, און ווערט נאָך בייז דערפאַר, וואָס יענע מענטשן האָבן אַנדערש געטראַכט, איז ער במחילה אַ נאַר און ס'איז פשוט מעשה עם הארץ.

און קוים שטעלט מען זיך אויף דעם קולטור-היסטאָרישן באָדן, ווערן די אַלע בנינים פון די משכילים-ראַציאָנאַליסטן ממילא צעפאַלן. מען דאַרף נישט פאַרענטפערן, מען דאַרף נישט מלמד זכות זיין אויף יענע מענטשן דערמיט, וואָס מען לייגט אַריין פרעמדע כוונות אין זייערע ווערטער; יענע מענטשן זענען נישט געווען קיין נביאים און האָבן נישט געוואוסט און נישט געקענט וויסן דאָס, וואָס מיר ווייסן היינט. זיי האָבן דעריבער גאָרנישט געקאָנט מיינען און זאָגן, ווי מיר

מיינען און זאָגן הייגט. זיי האָבן געזאָגט דאָס, וואָס זיי האָבן געמיינט, דאָס, וואָס זיי האָבן געטראַכט, און אויב זיי האָבן נישט געמיינט און נישט געטראַכט דאָס, וואָס מיר טוען, איז עס פּשוט דערפאַר, ווייל זיי האָבן געלעבט אין אַנדערע צייטן, אונטער אַנדערע באַדינגונגען, און האָבן בעסער נישט געוואוסט.

דאָס איז דער איינציקער, היסטאָריש ריכטיקער שטאַנדפּונקט, פון וועלכן דער תלמוד, פונקט ווי וועלכעס ס'איז אַנדערע וויכטיקע בוך, פונקט ווי וועלכע ס'איז אַנדערע וויכטיקע דערשיינונג אין דעם לעבן פון אַ פאַרגאַנגענער צייט, קאָן, דאַרף און מוז געשטודירט ווערן. מען דאַרף נישט לעבן מיט יענעם שטאַנדפּונקט, אָבער מען דאַרף אויך נישט אַרויפצווינגען אויף זיי אונזער אייגענעם קוק. דאָס איז דער איינציקער וועג, וועלכער וועט זיין אי אמת, אי ערלעך, אי גערעכט צום תלמוד.

און אַזוי שנעל, ווי מען שטעלט זיך אויף דעמדאָזיקן היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, מוז מען גלייך נעמען אין אַנבאַטראַכט די פאָלגנדע וויכטיקע פאַקטן:

1) אַז דער תלמוד איז נישט א יי ן ווערק, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן פון א יי ן מחבר, וועלכער באַהאַנדלט א יי ן באַשטימטן ענין. נאָר אַז ער איז אַ גאַנצע זאַמלונג פון פ י ל ווערק, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן פון פ י ל מענטשן, וועלכע באַהאַנדלען אַ ס ך און פאַרשידענע ענינים, און אַז מען מוז און מען דאַרף דעריבער דאָרטן נישט זוכן א יי ן גאַנצקייט ובפרט.

2) אַז די אַלע שרייבער און מחברים האָבן נישט געלעבט אין א יי ן צייט, אונטער איינע און די זעלבע אומשטענדן; אַז די אַלע ווערק זענען געשריבן געוואָרן אין פאַרלויף פון פיל יאָרהונדערטער, אונטער דעם איינפלוס פון פאַרשידענע פּאָליטישע און סאָציאַלע באַדינגונגען. אַזוי, למשל, זענען טייל פון זיי געשריבן געוואָרן אונטער דער הערשאַפט פון די גריכן; אַנדערע ווידער אין דער צייט, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט געהאַט מער אָדער ווייניקער פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט; טייל אונטער דעם דריקנדן יאָך פון די רוימער, און אַנדערע ווידער, אַלס פּאָלעמיק קעגן דער נייער יידישער סעקטע — די קריסטן; טייל אין דער צייט פון דעם שרעקלעכן חורבן, ווען די גאַנצע יידישע אומה איז געווען אין געפאַר פאַרניכטעט צו ווערן, און אַנדערע ווידער שוין נאָכן חורבן, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט אָנגעוו-

הויבן זיין גלות-לעבן צווישן די פעלקער. עס איז אויך קלאָר, אַז די אַלע ענדערונגען האָבן אויף פאַרשידענע אופנים געוזירקט אויף די נשמות, אויף די געמיטער פון די שרייבער אפילו פון איינעם און דעם זעלבן דור, און זיי האָבן עס אויך אויף פאַרשידענע וועגן אויסגעדריקט.

3) אַז דאָס לשון פון דעם תּלמוד איז נישט איינס און דאָס זעלבע: איין טייל פון אים, דער וויכטיקסטער טייל — די משנה, איז געשריבן אויף אַ מער אָדער ווייניקער ריינעם לשון קודש, בעת די גמרא, אָדער דער פּירוש אויף דער משנה, איז געשריבן אויף אַראַמיש-כאַלדעישן דיאַלעקט, די דעמאָלטדיקע יידישע פאָלקס-שפּראַך. פיל פון די אידיאָמען פון יענער שפּראַך זענען אונז נישט אינגאַנצן קלאָר און דעריבער זענען אונז פיל פון זייערע מאמרים און שפּריכווערטער נישט פאַרשטענדלעך.

4) אַז אין יענער צייט איז רעליגיע געווען נישט נאָר אַ טייל פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, נאָר ענג צוזאַמענגעבונדן, אָרגאַניש צונויפגעוואַקסן מיט אים, אַזוי, אַז מען קאָן איינס פון דעם אַנדערן נישט אָפּטיילן. דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן, אַלערליי מעגלעכע ציוויל-געזעצן, וועגן די פאַרהעלטנישן פון מענטשן צו מענטשן און אין דיני נפשות און אין דיני ממונות, די שייכות פון דעם מאַן צו דער פרוי, זיינע פאַרפליכטונגען צו איר און די קינדער, די חובות פון דער פרוי צום מאַן א. ד. גל., דאָס אַלץ האָט געקריגן אַ רעליגיעזע באַפאַרבונג, הגם עס האָט מיט דער רעליגיע גופא גאָר קיין דירעקטן צוזאַמענהאַנג נישט געהאַט.

5) אַז דער תּלמוד, זייענדיק אַ פּראָדוקט פון יענער צייט, טראָגט דעריבער אויך דעם זעלבן כאַראַקטער, בעת אין דער אמתן גיט זיך דער תּלמוד אָפּ פאַרהעלטנישמעסיק פיל מער מיט אַלגעמיין וועלטלעכע ענינים, מיט דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל, ווי מיט ריין רעליגיעזע פראַגן. דער תּלמוד איז פריער פון אַלץ אַ פּראַקטיש, טרוקן געזעץ-בוך, וואָס באַהאַנדלט אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע פראַגן פון געזעץ אין אַלע זיינע צווייגן און גיט זיך נישט אָפּ מיט קיינע ספּעקולאַטיווע, ריין פילאָזאָפישע אָדער רעליגיעזע פּראָבלעמען. עס איז מערקווירדיק, אַז אין דער גאַנצער משנה, ווי געזאָגט — דער וויכטיקסטער טייל פון תּלמוד, געפינט זיך כמעט גאָרנישט וועגן די פראַגן, פאַרקערט, די משנה פאַרבאָט זיך צו באַשעפטיקן מיט אַזעלכע ענינים און זי פּסקנט, אַז אין די ענינים, וואָס זענען נוגע צו דער פראַגע:

ווי אזוי איז די וועלט באשאפן געווארן? — טאר מען זאלבערצווייט נישט עוסק זיין, און אין די ענינים, וואס זענען נוגע צום עצם, צום מהות פון גאט — אפילו איינער אליין אויך נישט („אין דורשין במעשה בראשית בשנים ולא במרכבה ביחיד" (חגיגה, דף י"א). עטוואס וועגן די פראגן געפינט זיך אין דער „אגדה", וועלכע דער רעדאקטאר פון דער משנה, רבי יהודה הקדוש, האט אבער אינגאנצן איגנארירט אין דעם צוזאמענשטעלן פון זיין ווערק, וואס האט זיך באשעפטיקט נאר מיטן געזעץ. און דאס פירט אונז צו נאך א וויכטיקן פונקט.

6) אויסער די „הלכות" אדער פראגן פון געזעץ געפינט זיך אויך אין תלמוד (אין דער גמרא, נישט אין דער משנה) א חלק פון „אגדות" אדער „הגדות". די אגדות האבן לחלוטין גארנישט צו טון מיט די „הלכות". דאס זענען פארשידענע פאלקס-מעשהלעך, פראדוקטן פון דער פאלקס-פאעזיע; צעבראכענע שטיקלעך פון געשיכטע, ווי די פאסירונגען האבן זיך אפגעשפיגלט אין דער פאלקס-נשמה און פאנטאזיע; פארשידענע משלי-חכמים, עפיגראמען, וואס פארשידענע געלערנטע האבן אנגעשריבן אין פארשידענע צייטן, וועלכע האבן אנטהאלטן א מוסר השכל, עטישע אדער עסטעטישע לערעס; קינות אויף דעם חורבן פון דער אומה און איבערנאטירלעכע פאנטאסטישע האפנונגען וועגן דער דערווארטעטער גליקלעכער צוקונפט פון דעם אויסדערוויילטן פאלק ישראל. דא און דארט געפינען זיך אויך קורצע אפהאנדלונגען וועגן ריין ספעקולאטיווע פראגן, ווי די שייכות פון גאט צו דעם מענטשן און וועגן דעם כאראקטער פון גאט. די פראגע פון ידיעה און בחירה, די פראגע פון שכר ועונש און פון א לעבן נאכן טויט, תחית המתים און משיח א. ד. ג. אין דעמדאזיקן אוצר פון פאלקס-פאעזיע, צווישן די אלע פערל האבן זיך ארייגעכאפט פיל נארישע, גראבע, מגושמדיקע מעשיות וועגן שדים און רוחות, כשוף און אנדערע אבערגלויבעריי; משונהדיקע גוזמאות, איבערטריבענע מליצות, פארשידענע ווילדע דרשות פון בעלי דרשנים און אפילו נבול פה. אבער אין דעם זענען גיכער שולדיק די רעדאקטארן פון תלמוד.

7) די לעצטע רעדאקטארן פון תלמוד, רבינא ורב אשי, האבן פארשטאנען די גרויסע היסטארישע אויפגאבע, וואס זיי האבן געהאט פאר זיך, אנדערש ווי מיר איצטער. זייער קוק אויפן תלמוד איז געווען דער ארטאדאקסיש-רעליגיעזער. דער גרויסער כבוד, וואס זיי האבן געפילט צו די אלטע, די קדושה, מיט וועלכע זיי האבן באטראכט יעדן

קונטרס, יעדעס פאַרשריבענע וואָרט פון זייערע פאָרגענגער, האָט געבראַכט דערצו, וואָס זיי האָבן אין תלמוד אַריינגעשטעלט אַלץ, וואָס זיי האָבן געפונען, אַ סך, וואָס אַנדערע בעסערע רעדאַקטאָרן וואָלטן אַרויסגעלאָזט. זייער ליבע צו אַלע אַלטע קונטרסים האָט צווישן די איבעריקע אויך געבראַכט דערצו, וואָס זיי האָבן צוריק אַריינגענומען אין תלמוד די אַלע „ברייתות", וואָס דער פיל בעסערער רעדאַקטאָר, ר' יהודה הקדוש, האָט אַרויסגעלאָזט פון זיין „משנה". דערמיט האָבן זיי צעשטערט זיין כוונה צו געבן דעם יידישן פאָלק אַ משנה ברורה — אַ קלאָרע געזעצגעבונג. ס'איז אויך די שולד פון די רעדאַקטאָרן, וואָס די אַלע ענינים זענען צעמישט אָן אַ סדר, אָדער, בעסער געזאָגט, אין זייער דעמאָלדיקן אָריענטאַלן סדר.

וואָס אָנבאַלאַנגט צו די „אגדות", איז די מיינונג פון מאַנכע פאָרשער, אַז פיל פון זיי, אויב נישט אַלע, זענען אַריינגעשטעלט געוואָרן אין תלמוד שוין נאָך זיין חתימה, אין אַ שפּעטערדיקער צייט פון רבינא און רב אשי

האָבנדיק די אַלע אויבן־אויסגערעכנטע פונקטן אין זינען, קאָן מען ערשט דאַן צוטרעטן צום שטודיום פון תלמוד.

## I.

# תורה שבעל פה און תורה שבכתב

„תורה שבעל פה" הייסט מינדלעכע לערע, א געזעצגעבונג, וועלכע ווערט איבערגעגעבן פון מויל צו מויל, נישט ווערנדיק פארשריבן. אונטער דעמדאזיקן נאמען קומען אריין אלע יענע דינים און מנהגים, תקנות און גזרות, וואס זענען אנגענומען געווארן פון יידישן פאלק און געפינען זיך אבער נישט אין דער תורת משה, וועלכע הייסט „תורה שבכתב" — די געשריבענע תורה.

און אנגערופן ווערן זיי אזוי צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל די יידישע חכמים האבן דעמאלט טאקע באמת געגלייבט, אז צוזאמען מיט דער געשריבענער תורה האט משה געקריגן אויפן בארג סיני אויך נישט-געשריבענע געזעצן, וועלכעס ציל עס איז גאנץ צו מאכן און דערפילן די ערשטע; און צווייטנס, דאס, וואס בעת די תורה שבכתב איז געשריבן געווארן אויף אלע מאל, לדור דורות, און טאר דעריבער בשום אופן נישט געענדערט ווערן, טראגן דאקעגן די מינדלעכע געזעצן נאר א צייטווייליקן כאראקטער, וועלכע קאנען געענדערט ווערן. און ווייל די „תורה שבעל פה" האט נאר א צייטלעכע באדייטונג, טאר זי נישט פארשריבן ווערן, זי מוז אלע מאל בלייבן מינדלעך: „דברים שבעל פה אי אתם רשאים לאמרם בכתב", כדי זי זאל נישט פאראייביקט ווערן. (מורה נבוכי הזמן, שער י"ג).

פון וואנען האט זיך דער גלויבן אין א „תורה שבעל פה" גענומען ביים יידישן פאלק? איז די גאנצע מעשה דורכאויס שקר, אדער אפשר ליגט דא ערגעץ-וואו א קערנדל אמת? און אויב דא געפינט זיך א טייל פון אמת, אין וואס אייגנטלעך באשטייט ער? די פראגע דארף ריכטיק פארשטאנען ווערן: די שאלה איז נישט, צי משה רבינו האט ווירקלעך צוזאמען מיט דער תורה שבכתב געקריגן אויפן בארג סיני אויך די תורה שבעל פה. די פראגע איז: צי האבן די יידן געהאט א „תורה שבעל פה" צוזאמען מיט

ד ע ר ת ו ר ה ש ב כ ת ב או ן א פ י ל ו נ אָ ך פ אַ ר א י ר, אָדער די גאַנצע מעשה איז נאָר אויסגעטראַכט פון די „פאָלקס-פאַרקריפּלער" און „פאָלקס-שווינדלער", ווי אונזערע „פריידענקער" האָבן זיך ליב אויסצודריקן ?

ווען מיר זאָלן זיך ערנסט און אומפּאַרטייאיש אַריינטראַכטן אין דערדאָזיקער פראַגע, וועלן מיר אומפאַרמיידלעך מוזן קומען צום שלוס, אַז אַ תורה שבעל פה האָטווירקלעך עקזיסטירט, אַ טייל דערפון נאָך פריער ווי די תורה שבכתב.

אין דער אַנטוויקלונג פון געזעץ אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט איז דער געשריבענער געזעץ פאַרהעלטנישמעסיק אַ גאַנץ שפּעטע דערשיינונג.

די פּרימיטיווע געזעלשאַפט האָט נישט קיין שום געשריבענע געזעצן. אין יענער געזעלשאַפט ווערן אַלע באַציונגען צווישן אירע מיטגלידער רעגולירט און רעגירט הויפּטזעכלעך דורך די טראַדיציעס, די מנהגים און די באַגריפן, וואָס זיי האָבן באַקומען בירושה פון זייערע עלטערן, פון די פריערדיקע דורות. אמת, דער עלטסטער פון דער משפחה האָט צו זאָגן איבער דעם לעבן און טויט פון אַלע פאַמיליען-מיטגלידער; אמת, זיין וואָרט און ווילן איז די לעצטע דיסטאַנץ, אָבער ער גופא ווערט באַאיינפלוסט אין זיין אויפפירונג, אין זיינע פּסקים און אין זיין ווילן פון דער אויפפירונג פון די פאַרשטאָרבענע טאַטעס. דאָס זענען די ערשטע סימנים פון געזעץ, פון נישט-געשריבענעם געזעץ אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

דידאָזיקע נישט-געשריבענע געזעצן זענען גלייך פאַרפליכטנד פאַר אַלע מיטגלידער פון דעם שבט אָדער פאַמיליע, ווייל זיי אַלע שטאַמען דאָך אָפּ פון די זעלבע טאַטעס. דערביי דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז דער פּרימיטיווער מענטש באַטראַכט זיינע עלטערן מיט רעליגיעזער מורא און דרך ארץ. דערמיט ווערט אויך דערקלערט די מערקווירדיקע דערשיינונג, וואָס אין יענעם צושטאַנד פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג ווערן אַלע געזעצן, אפילו אַזעלכע, וואָס האָבן אין עצם קיין ברעקל שייכות נישט מיט רעליגיע, די ריין ציוויל- און קרימינעל-געזעצן, דערקלערט פון געטלעכער אָפּשטאַמונג און קריגן אַ רעליגיעזע באַפאַרבונג. די פאַרשטאָרבענע טאַטעס זענען געטער אָדער, לכל הפחות, געטלעך און דעריבער מוזן אויך זייערע מנהגים זיין געטלעך. (ספּענסער, די פּרינציפּן פון סאָציאָלאָגיע, צווייטער באַנד, קאַפּיטל פירצען.)

שפעטער, ווען דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזם וואַקסט אויס און ווערט דורך דעם מער קאָמפּליצירט; ווען די פּאַרהעלטנישן אין דער געזעלשאַפט ווערן מער פאַרפלאָנטערט; ווען פון דער משפחה ווערט אַ שבט, פון דעם שבט — אַ פאָלק; ווען דער אופן פון קריגן לעבנס־מיטל ווערט געענדערט; ווען פון דעם יעגער ווערט אַ פּאַסטוך, פון דעם פּאַסטוך — אַן ערד־אַרבעטער און אַזוי ווייטער, ווערן געבוירן, לויט די נייע באַדינגונגען און תּנאים פון לעבן, נייע באַגריפן פון רעכט און אומרעכט, פון מיין און דיין — נייע נישט־געשריבענע געזעצן, וועלכע פּאַסן זיך בעסער פאַר די נייע באַדינגונגען.

דידאָזיקע מנהגים זענען אָבער אין תּוך גענומען נישט אינגאַנצן ניי. זיי זענען גיכער ענדערונגען, מאָדיפיצירונגען פון די אַלטע; זיי ווערן, אַזוי צו זאָגן, באַגרינדעט אויף די אַלטע יסודות, אין דעם גייסט פון דעם געגעבענעם פאָלק. מיט דעם אַריינטרעטן אין לעבן פון די נייע מנהגים ווערן די אַלטע בשום אופן נישט אינגאַנצן בטל; זיי שפּילן נאָך אַלץ אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס נעמט אַ גאַנץ לאַנגע צייט, ביז וואַנען דידאָזיקע פאַרעלטערטע מנהגים ווערן אינגאַנצן אָפּגעשאַפט. אין דער ווירקלעכקייט בלייבן זיי אַפילו נאָכדעם אויך; זיי פאַרלירן נאָר זייער אורשפּרינגלעכע באַדייטונג און כּוונה, קריגנדיק אַ גאַנץ אַנדערן מיין.

אַזוי גייט עס כּסדר. עס ציט זיך איין לאַנגע קייט פון אַנטוויקלונג, איין רינג געשלאָסן און באַהעפט מיט דעם אַנדערן, ביז עס קומט אַ צייט, ווען אַ טייל פון דידאָזיקע מנהגים און טראַדיציאָנעלע געזעצן ווערן פאַרשריבן. דאַן קריגן מיר צום ערשטן מאָל אַ „תּורה שבכתב“, אַ געשריבענע געזעצגעבונג. דער נישט־פאַרשריבענער טייל פון יענע מנהגים בלייבט אָבער נאָך אַלץ אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און האָט גאַנץ אָפט מער באַדייטונג, ווי די געשריבענע געזעצן, — דאָס איז די תּורה שבעל פּה.

דער סך־הכּל פון דעם אַלעם איז דער: אין דער אַנטוויקלונג פון געזעץ אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט קומט פריער די תּורה שבעל פּה; די תּורה שבכתב איז אַ שפּעטערע דערשיינונג.

עס איז קלאָר, אַז ווען דער געזעצגעבער שרייבט זיינע געזעצן שטייט ער שטענדיק אונטער דעם איינפלוס פון דער „תּורה שבעל פּה“, פון די מנהגים און טראַדיציעס פון זיין פאָלק, פאַר וועמען ער שרייבט

ויין „תורה שבכתב", שוין דערפאַר אַליין, וואָס ער גופא איז נאָר אַ מענטש פון זיין צייט און פון זיין פאָלק. עס איז פונקט אויך אַזוי קלאָר, אַז ווען ער שרייבט זיינע געזעצן, שרייבט ער זיי נאָר אין כללים, ווייל די פּרטים, די איינצלהייטן, זענען דעמאָלט, אין זיין צייט, געווען באַוואוסט ביים פאָלק. אין געוויסע פאַלן וועט ער באַשטעטיקן יענע מנהגים; אין געוויסע פאַלן באַקעמפט ער זיי און אין אַנדערע ווידער מאַכט ער אַ פּשרה, אַ קאָמפּראָמיס, מיט דער טראַדיציע, וואָס איז אָנגענומען ביים עולם. אַלע מאָל אָבער מוז ער האַלטן אין אויג די „תורה שבעל פה" פון זיין פאָלק.

דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט מיט די יידישע שטאַמען, פון וועלכע עס האָט זיך שפּעטער אויסגעבילדעט דאָס יידישע פאָלק. נאָך לאַנג, לאַנג צוריק איידער די געזעצגעבונג, וועלכע איז אונז באַקאַנט מיט דעם נאָמען „תורת משה", איז געשריבן געוואָרן, נאָך לאַנג פריער האָבן זיי שוין געהאַט אַ תורה שבעל פה, לויט וועלכע זיי האָבן זיך אויפגעפי ט אין זייער געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָ איז נישט וויכטיק די פראַגע, ווען די תורת משה איז געשריבן אָדער רעדאַקטירט געוואָרן, אָדער ווער עס האָט זי געשריבן אָדער רעדאַקטירט — דאָס האָט מיט אונזער ענין גאָרנישט צו טון. וויכטיק איז נאָר דער פאַקט, אַז די תורת משה איז געשריבן געוואָרן, האָבנדיק אין אויג די „תורה שבעל פה" פון יידישן פאָלק. אין געוויסע פאַלן מאַכט דעריבער די תורת משה קאָמפּראָמיסן מיט יענער תורה שבעל פה; אין געוויסע פאַלן באַקעמפט זי זי און אין געוויסע פאַלן באַשטעטיקט זי זי.

מיר וועלן עס אילוסטרירן מיט ביישפּילן:

די מצווה פון מילה, אַז מען זאָל יעדן זכר באַשניידן אויפן אַכטן טאָג, איינע פון די וויכטיקסטע מצוות, האָט עקזיסטירט ביים יידישן פאָלק נאָך פאַר מתן תורה. תורת משה באַשטעטיקט נאָר די מצווה, דערציילנדיק, אַז צום ערשטן מאָל איז אויף איר פאַרזאָגט געוואָרן אברהם, דער שטאַם-פאָטער פון פאָלק.

דער געזעץ וועגן „יבום". דאָס הייסט, אַז ווען אַ ברודער שטאַרבט אָן קינדער, דאַרף דער אַנדערער ברודער חתונה האָבן מיט דער אלמנה און די געבוירענע קינדער דאַרפן זיך רופן אויפן טויטנס נאָמען, איז אויך געווען אַ מנהג ביי די יידישע שטאַמען נאָך פון גאַנץ אַלטע צייטן, ווי מען זעט עס אַרויס פון דער מעשה מיט יהודהס זין. דער דאָזיקער מנהג איז עטוואָס געענדערט געוואָרן אין דער תורה

משה. און דער לעצטער דאַרף עס נאָך טון אַ לייבלעכער ברודער. בעת נאָך דעם מנהג נאָך איז דער זעלבער חלק געלעגן אויך אויף די ווייטערע קרובים פון דער פאַמיליע, אין פאַל, ווען די נאָענטע קרובים אנטזאָגן זיך, ווי מען קאָן עס אַרויסזעען פון דער מעשה מיט רות און בועז.

דער מנהג נישט צו עסן פון דעם „גיד הנשה" — פון וואַנען עס האָט זיך שפּעטער, ווען מען האָט נישט געוואוסט, וואָס „גיד הנשה" מיינט, גענומען ביי יידן דער מנהג אינגאַנצן נישט צו עסן דעם הינטערשטן חלק פון דעם קערפּער פון אַ בהמה — האָט עקזיסטירט פיל פריער איידער די תורה איז געשריבן געוואָרן. דער שרייבער פון דער תורה דערציילט נאָר די מעשה, ווי אַזוי דערדאַזיקער פאַרבאָט איז אַנטשטאַנען, און ענדיקט זיין ספור המעשה מיט די ווערטער: „על כן לא יאכלו בני ישראל את גיד הנשה" — דעריבער עסן נישט די קינדער פון ישראל דעם גיד הנשה.

די איינריכטונג פון גטן זיך איז געווען ביים יידישן פאָלק פאַר תורת משה, ווי מען קאָן עס לייכט אַרויסזעען פון דעם לשון אין דער תורה וועגן דעם ענין. די תורה זאָגט נישט, אַז מען מעג גטן זיין פרוי, ווייל דאָס איז געווען אַ דבר ידוע. די תורה באַהויפּטעט נאָר, אַז אויב אַ מאַן וועט גטן זיין פרוי און זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן מאַן, דעמאָלט טאָר דער ערשטער מאַן מיט איר צוריק נישט חתונה האָבן. דאָס לעצטע, דאָס הייסט, אַז דער ערשטער מאַן טאָר מיט איר צוריק נישט חתונה האָבן, איז אַלץ וואָס די תורה איז מוסיף צום אַלטן מנהג. אַזעלכע געזעצן, פון וועלכע עס איז צו זעען, אַז דער שרייבער פון דער תורה האָט זיך פאַרלאָזט אויף אַלגעמיין־באַקאַנטע און אָנגענומענע מנהגים ביים פאָלק, קאָן מען ברענגען אין די צענדליקער. (ווער עס אינטערעסירט זיך מיט דעם, קאָן עס געפינען אין „זרובבל," „דור דור ודורשיו" און מורה נבוכי הזמן").

די אויבן־געבראַכטע ביישפּילן זענען אַזעלכע, וואו די תורת משה באַשטעטיקט די אַלטע מנהגים, מאַכנדיק אין מאַנכע פון זיי לייכטע ענדערונגען. אָבער גאַנץ אָפט קומט אויס דער תורת משה צו באַקעמפן די אַלטע טראַדיציעס. אַזוי, צום ביישפּיל, איז מיט דעם געזעץ, וועלכעס באַהויפּטעט, אַז „מעם מזבחי תקחנו למות", דאָס הייסט, אויב איינער האָט דערמאָרדעט אַ מענטש במזיד און ער באַהאַלט זיך ביים

מזבח, זאָל מען אים פון דאָרט אַראָפּנעמען און טויטן. (שמ״ת, כ״א, י״ד).

די כוונה פון דעמדאָזיקן געזעץ איז צו באַקעמפן די אַלטע טראַדיציע. עס איז אַן אַלגעמיין באַקאַנטער פאַקט, אַז ביי אַלע אַלטע סעמיטישע פעלקער איז געווען אַ מנהג, אַז אַ פאַרברעכער, און מעג ער אַפילו זיין אַ מערדער, קאָן זיך רעטן דערמיט, וואָס ער אַנטלויפט אין טעמפּל, אין גאָטס הויז. דערמיט קומט ער אַריין אין דעם רשות פון גאָט, און די וועלטלעכע מאַכט האָט מער אײבער אים נישט צו זאָגן. (ראָבערטסאָן סמיטה, „די רעליגיעס פון די סעמיטן", פערטע לעקציע).

אויך ביי די יידן איז געווען דערדאָזיקער מנהג. אין מלכים (מלכים א׳ א. ג.) ווערט אַפילו דערציילט אַ מעשה וועגן דעם. נאָכדעם ווי שלמה איז אַרויס דער זיגער אין זיין קאַמף מיט זיין ברודער אדוניהו וועגן דעם טראָן, איז דער לעצטער, אויס מורא פאַר שלמהן, אַנטלאָפן „ויחזק בקרנות המזבח" — ער האָט זיך באַפעסטיקט ביים מזבח: פון דאָרטן האָט אים אַפילו דער קעניג נישט געקאָנט נעמען מיט געוואַלט. קעגן דעמדאָזיקן מנהג איז אַרויסגעטרעטן תורת משה, לערנענדיק, אַז „מעם מזבחי תקחנו למות".

אין מאַנכע ענינים ווידער שיינט די תורת משה איינצוגיין אויף אַ פשרה, אַ קאָמפּראָמיס, מיט דער אָנגענומענער טראַדיציע, ווי צום ביישפּיל מיט די „ערי המקלט" (די אַנטרינונגס-פּלעצער). לויט תורת משה דאַרף דער, וואָס האָט געטויט אַ מענטש במזיד, באַשטראָפט ווערן מיטן טויט; אויב דאָס איז אָבער געטון געוואָרן בשוגג, אומגערן, דאַרף ער אַנטלויפן אין די באַשטימטע „ערי מקלט", וואו די „גואלי הדם" קענען אים נישט פאַרפאָלגן. דאָ זעען מיר, אַז דער מערדער בשוגג ווערט פּרינציפּיעל דערקלערט פאַר אומשולדיק, קאָן ער זיך דאָך נישט שיצן פון דעם כעס פון די „גואלי הדם", סיידן ווען ער אַנטלויפט אין די ערי מקלט. דאָס איז געווען אַ פשרה מיט די אָנשויאונגען פון יענער צייט. אין יענער צייט, נעמלעך, האָט גאולת הדם (נקמה-בלוט) געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ביי אַלע אַלטע פעלקער. אויף די קרובים פון דעם דערמאָרדעטן איז געלעגן אַ מין הייליקער חוב „אויסצולייזן" דאָס פאַרגאָסענע בלוט; עס איז געווען באַטראַכט פאַר אַ חרפה פאַר דער גאַנצער משפחה פון דעם דערמאָרדעטן, ווען פאַר זיין בלוט ווערט קיין נקמה נישט גענומען. אָפּשאַפן אינגאַנצן די לאַנג-איינגעוואָרצלטע טראַדיציע פון „גאולת הדם" האָט די תורת משה, ווי עס ווייזט אויס, נישט גע-

קאַנט, און זי האָט זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס זי האָט געגרינדעט די ערי מקלט.

מען קאָן ברענגען פיל ענלעכע ביישפילן, אָבער דידאַקטישע איינציקע זענען גענוג צו באַווייזן, אַז ביי יידן איז געווען אַ תורה שבעל פה נאָך לאַנג צוריק איידער די תורת משה איז געשריבן געוואָרן, און אַז יענע תורה שבעל פה איז געווען דער יסוד, דער באַזיס פון דער תורה שבכתב. פאַרלאָזנדיק זיך אויף דער תורה שבעל פה, אויף דער טראַדיציע, האָט דעריבער דער שרייבער פון דער תורת משה אַרויסגעלאָזט פיל פרטים, וועלכע זענען דעמאָלט געווען אַ דבר ידוע ביים עולם.

אַזוי, למשל, שטייט געשריבן „והיו לטוטפות בין עיניך" — און זיי זאָלן זיין צו „טוטפות" צווישן דיינע אויגן. וואָס איז אַזעלכעס „טוטפות"? עס איז קלאָר, אַז די מענטשן פון יענער צייט האָבן געוואוסט וואָס „טוטפות" מיינט, און דערפאַר האָט דער שרייבער פון דער תורה נישט באַדאַרפט דערקלערן. שפעטער אָבער האָט מען עס שוין נישט געוואוסט, און די קבלה, די טראַדיציע זאָגט, אַז „טוטפות" מיינט תפילין.

ווידער, אין דער תורה שטייט געשריבן: ועשו להם ציצת על כנפי בגדיהם לדורותם ונתנו על ציצת הכנף פתיל תכלת", ד. ה. זיי זאָלן מאַכן ציצית אויף די ברעגן פון זייערע קליידער, און זיי זאָלן אין די ציצת אַריינטון אַ פאָדים פון תכלת. וואָס איז ציצת? ווי דאַרף מען זיי מאַכן? וויפל דאַרפן זיי זיין? ס'איז קלאָר, אַז די מענטשן, פאַר וועמען די תורה איז געשריבן געוואָרן, האָבן דאָס אַלץ גוט געוואוסט. שפעטער איז נייטיק געווען די טראַדיציע, כדי דידאַקטישע פראַגן צו דערקלערן און באַשטימען דער תלמוד זאָגט טאַקע דעריבער, אַז אין דער מצוה פון ציצת איז נאָר דער עיקר פון דער תורה, — די פרטים זענען מדרבנן.

נאָך אַ ביישפיל. אין דער תורה שטייט: „ולקחתם לכם ביום הראשון פרי עץ הדר", ד. ה. „איר זאָלט דעם ערשטן טאָג (פון סוכות) נעמען אַ שיינע בוים-פרוכט". וואָס איז אַזעלכעס א שיינע בוים-פרוכט? אפשר איז עס גאָר אַן אַפל אָדער וועלכע ס'איז אַנדערע בוים-פרוכט? אויך אין דעם פאַל האָבן די מענטשן פון דער צייט, ווען די תורה איז געשריבן געוואָרן, זיכער געוואוסט, וואָס דער אויסדרוק

„פרי עץ הדר" מיינט. שפּעטער איז געקומען די טראַדיציע און האָט געזאָגט, אַז דערמיט ווערט געמיינט אַן אתרוג.

* *

*

די תורה איז פאַרשריבן געוואָרן און איז באַלד באַטראַכט געוואָרן אַלס הייליק. עס האָבן זיך אַרום איר געגומטן וועבן אַלטע פאָלקס-לעגענדן פון די צייטן, ווען דאָס פאָלק האָט זיך נאָך געפונען אין נאָמאַדן-צושטאַנד. די תורה איז געגעבן געוואָרן פון גאָט אַליין צו משהן, אַן אַלטער לעגענדאַרער פאָלקס-העלד, אויפן באַרג סיני, אַ הייליקער באַרג אין דער מדבר נאָך פון דער צייט, ווען די יידן-בעדוינער האָבן אַרומגעוואַנדערט אין יענע געגנדן.

די תורה איז הייליק, געטלעך; מען קען צו איר גאָר נישט מוסיף זיין און מען טאָר פון איר גאָרנישט אַראָפּנעמען. זי איז געטלעך און קאָן דעריבער קיינמאָל נישט געענדערט ווערן. זי מוז זיין גוט אויף אַלע צייטן, אויף דור דורות. זי איז, אויסצודריקן זיך מיט אַ מאָדערנעם וואָרט, אַן אייביקע, אויף אַ תמיד-גילטנדיקע קאָנסטיטוציע.

דאָס לעבן גייט זיך אָבער זיין וועג. עס פאַרוואַרפט דאָס אַלטע און בויט נייע. עס ווערן געשאַפן נייע באַדינגונגען, נייע תנאים פון לעבן, וועלכע פאָדערן נייע געזעצן, נייע מנהגים און נייע תקנות. עס קומט פאָר אַ קאַמף צווישן דער תורה און דעם לעבן, צווישן דער אַלטער קאָנסטיטוציע און די נייע באַדערפעניש. פון דער דאָזיקער מלחמה צווישן דעם לעבן און דער תורה, צווישן דעם טויטן פאַרגליווערטן אות און דעם תמיד זיך-בייטנדן לעבן, איז געבוירן געוואָרן אַ נייע „תורה שבעל פה", נייע מינדלעכע, נישט פאַרשריבענע געזעצן, וועלכע האָבן, אמת, נישט געהאַט די הייליקייט פון די געשריבענע געזעצן, אָבער וועלכע האָבן אין לעבן דאָך געשפּילט די גרעסטע ראָלע.

די דאָזיקע „תורה שבעל פה" איז שוין נישט יענע אַלטע „תורה שבעל פה", וועגן וועלכער מיר האָבן גערעדט, וואָס האָט אַמאָל געהערשט ביים פאָלק און וואָס האָט שפּעטער געדינט אַלס יסוד פאַר דער תורה שבכתב. דאָס איז שוין געווען גאָר אַ נייע „תורה שבעל פה" און איז באַשאַפן געוואָרן שוין נאָכדעם, ווי די תורה איז פאַרשריבן געוואָרן.

אין דער ערשטער צייט, ווען די תורה פאַרן געשריבענעם וואָרט

איז נאָך בישט געווען אזוי גרויס, האָבן די דעמאָלטדיקע יוריסטן און געלערנטע גאָרנישט געזוכט אריינצופשטלען זייערע נייע תקנות אין די ווערטער פון דער געשריבענער תורה. זיי האָבן געאַרבעט מיט מער אָדער ווייניקער אומאָפּהענגיקייט; זיי האָבן איינגעפירט אַזעלכע „הלכות", ווי עס האָט געפּאַסט פאַר זייער צייט, און ווען עס איז געווען נייטיק, האָבן זיי זייערע תקנות געשטעלט העכער ווי דער תורהס — „עשו חזוק לדבריהם יותר משל תורה". זיי האָבן זיך געשטיצט אויף דער אויטאָריטעט וואָס די תורה גופא גיט זיי, אויף דעם, וואָס די תורה לערנט: „על פי התורה אשר יורוך ועל המשפט אשר יאמרו לך תעשה" (דברים י"ז, י"א) — איר זאָלט זיך אויפפירן, ווי זיי (די שופטים פון יענער צייט) וועלן אייך לערנען.

דערדאָזיקער טייל פון דער „תורה שבעל פה" איז באַקאַנט ביי יאָזעפוס און אין תלמוד מיט די נעמען „תורת זקנים", „דברי סופרים", „תקנות דרבנן", כדי זיי צו אונטערשיידן פון תורת משה.

אין די שפּעטערע קאַפּיטלען וועט אונז נאָך אויסקומען זיך נעני־טער צו באַקענען מיט דעמדאָזיקן וויכטיקן טייל פון דער תורה שבעל פה. לעת עתה וועלן מיר נאָר באַמערקן, אז קעגן די נייע תקנות האָט זיך באַלד אויפגעהויבן אַ שטורם פון פּראָטעסט. די קעגנער פון די תקנות, און קעגנער זענען געווען צוליב פיל מלוכהשע און פּאָליטישע סיבות, האָבן געטענהט, אַז די נייע איינפירונגען זענען קעגן דער כוונה פון דער תורה, און אַז מען מוז זיך האַלטן פעסט אָן די געשרי־בענע געזעצן, — זיי האָבן זיך געוואָלט האַלטן אָן דעם טעקסט פון דער קאָנסטיטוציע. די קעגנער זענען עס געווען די „צדוקים".

כדי זיך פון דעמדאָזיקן פאָרוואורף צו באַפרייען, האָט דער אַנ־דערער צד זיך גענומען צו באַווייזן, אַז די אַלע נייע תקנות ליגן אין דעם זין פון די ווערטער פון דער תורה גופא. נישט ווייל זיי האָבן טאַקע באמת געגלייבט, אַז די כוונה פון דעם פסוק, דער פּראָסטער פשט, איז אַזוי, נאָר ווייל די נייע דינים און תקנות זענען געווען אַזוי נייטיק פאַר זייער צייט. דער טעקסט פון דעם געשריבענעם געזעץ, דער פסוק, איז נאָר געווען אַן אויסרייד, אַ צוטשעפּעניש, אַן „אסמכתא בעלמא", ווי דער תלמוד גופא דריקט זיך אויס. מיט אַלע מעגלעכע און אפילו אוממעגלעכע מעטאָדן און מיטלען האָבן זיי אַריינגעפּשטלט זייערע נייע געזעצן אין דעם טעקסט פון די אַלטע.

אָבער בעת אין אָנפאַנג איז עס געווען אַ נייטיקע וואָפן אין די

העכט פון די מער פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין זייער קאַמף קעגן די רעאַקציאָנערע צדוקים, איז זי, דידאַקטיק וואָפּן, מיט דער צייט מיס־ברויכט געוואָרן. ס׳איז געווען אַ שווערד, וואָס האָט געשניטן אויף ביידע זייטן. מיט דער צייט איז אויסגעוואַקסן דער גלויבן, אַז די אַלע נייע תקנות און מנהגים אַנטהאַלטן זיך ווירקלעך אין דער תורה, און דאָס פּריערדיקע מיטל איז געוואָרן טאַקע דער ציל. מען האָט זיך גע־נומען פּשטלען און גריבלען אין די ווערטער פון די פּסוקים, כּדי דאָרט צו געפינען נייע כּוונות, און גאַנץ אָפט האָט עס זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין צייט־פאַרטרייב, אין אַ בלבול של הבל.

* *

*

ווי מיר האָבן אין דעם קורצן איבערבליק געזען, קאָן די גאַנצע תורה שבעל פה איינגעטיילט ווערן אין דריי פעריאָדן (השלח, פרק ז׳):

1) די „נאַטירלעכע" תורה שבעל פה, נאָך איידער די תורה שבכתב איז געשריבן געוואָרן

2) די „תורת זקנים", „דברי סופרים" אָדער „תקנות דרבנן", וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר זעלבשטענדיקייט, און האָט זיך געצויגן אַ פעריאָד פון איבער צוויי הונדערט יאָר.

3) דער לאַנגער פעריאָד, אָנפאַנגענדיק פון אַ פּאָר יאָרהונדער־טער פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכנונג, ביז דער לעצטער רעדאַקציע פון תלמוד אונטער רבינא ורב אשי. דעמדאָזיקן פעריאָד, נאַטירלעך נישט אין אַלע צייטן גלייך, קאָן מען כאַראַקטעריזירן דערמיט, וואָס עס ווערן געמאַכט אָנשטרענגונגען אַריינצולייגן די נייע געזעצן אין די ווערטער פון דער אַלטער תורה.

* *

*

אין נאָענטסטן קאַפּיטל וועלן מיר באַהאַנדלען דעם צווייטן פעריאָד.

II.

# עזרא וסיעתו און די אנשי כנסת הגדולה

צווישן די מער אָדער ווייניקער גרויסע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט קיין ארץ ישראל, פאַרנעמט ע ז ר א, וועלכער איז באַקאַנט מיט דעם נאָמען „עזרא הסופר" (עזרא דער שרייבער), אָן אַ ספק דעם וויכטיקסטן פּלאַץ, דעם סאַמע אויבן-אָן. ער און זיינע חברים, „עזרא וסיעתו", זענען עס געווען די יעניקע, וועלכע האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט, דעם יסוד, צו דעם בנין פון היסטאָרישן יידנטום — פון יענעם יידנטום, וואָס האָט פאַרגעזעצט זיין אַנטוויקלונג אין אַ משך פון פיל לאַנגע דורות און וועלכעס האַלט זיך נאָך עד היום טראָץ די אַלע רדיפות און חרמות. וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געהאַט אויסצושטיין. איינע פון זיינע וויכטיקסטע אויפטועכצן איז געווען די גרינדונג פון יענער גרויסער קערפּערשאַפט, וועלכע איז באַקאַנט מיט דעם נאָמען „אנשי כנסת הגדולה" (די מענער פון גרויסן סינאָד). יענע קערפּערשאַפט האָט אַריינגעשפּריצט ניי בלוט אין דעם יידנטום, האָט אַרויפגעצויגן פלייש און אַריינגעבלאָזן אַ נשמה אין יענע אויסגעטריקנטע ביינער, וועלכע דער נביא י ח ז ק א ל האָט געזען אין טאָל. דאָס זענען געווען די „עזרא וסיעתו" און שפּעטער די „אנשי כנסת הגדולה", וואָס האָבן, ווי דער תלמוד דריקט זיך אַלעגאָריש אויס, „געשאָכטן דעם יצר הרע פון געצן-דינסט"; דאָס זענען זיי געווען, וואָס האָבן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויסגעוואָרצלט די פרעמדע געטער פון דעם יידישן פאָלק. פון דעמאָלט אָן באַגעגנט מען שוין מער נישט אין דער יידישער געשיכטע אַזעלכע פאַלן, וואו דאָס פאָלק זאָל גיין דינען „אלהים אחרים", ווי דאָס האָט פּאַסירט אַזוי אָפט אין די צייטן פון ערשטן בית המקדש. דאָס זענען געווען זיי, די „אנשי כנסת הגדולה", וועלכע האָבן, לויט דעם תלמוד, „חזקו, ותקנו, ואזנו את התורה" — זיי האָבן פאַרשטאַרקט, פאַרבעסערט און פאַרפולקאָמט די תורה.

די פּאָליטישע לאַגע פון די אָקאָרשט צוריקגעקומענע יידן פון גלות איז געווען זייער אַ טרויעריקע, און נישט ווייניקער טרויעריק איז אויך געווען זייער עקאָנאָמישע לאַגע. די „גרויסמוטיקע פּערסיאַנער", וועלכע האָבן נאָך זייער זיג איבער בבל דערלויבט די יידן זיך צוריקצוקערן צו דעם לאַנד פון זייערע עלטערן, האָבן אָבער זיי נישט געגעבן קיין פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. ארץ ישראל איז געוואָרן אַ פּערסישע פּראָווינץ, אַנשטאָט דעם וואָס פריער איז זי געווען אַ פּראָווינץ פון בבל. די יידן זענען געצוואונגען געווען צו צאָלן שווערע צינזן צו די פּערסיאַנער, וואָס האָט זיי גאָר איינגאַנצן פּאַראַרימט. די איינציקע זאַך, וואָס די יידן האָבן יאָ געקריגן פון די פּערסיאַנער, איז געווען רעליגיאָנס-פרייהייט, די פרייהייט פון געוויסן. זיי האָבן אויך געקריגן דורך גרויסער שתדלנות די דערלויבניש אויפצובויען פון דאָס ניי דאָס בית המקדש; מען האָט די יידן אפילו באַפרייט פון תבואה-צינזן אין די יאָרן פון שמיטה. אָבער דאָס איז בשום אופן נישט געווען קיין ספּעציעלער חסד פאַר יידן; די זעלבע דערלויבניש האָבן געקריגן אַלע באַזיגטע פעלקער. אַזוי, צום ביישפּיל, איז אויך געגעבן געוואָרן די דערלויבניש צו די „כותים" אָדער „שמרונים" צו בויען זייער בית המקדש אויפן באַרג גריזים.

אין אַלעם איבעריקן זענען די יידן געבליבן די זעלבע שקלאַפן נאָך דער „גאולה" ווי פאַר דער גאולה. ווי טרויעריק און האַרצרייסנד קלינגט די קלאָג פון די לויים, וואָס זענען נישט לאַנג צוריקגעקומען פון גלות: „הנה אנחנו היום עבדים; והארץ אשר נתת לאבותינו לאכול את פריה ואת טובה הנה אנחנו עבדים עליה. ותבואתה מרבה למלכים אשר נתת לנו בחטאתינו, ועל גויותינו מושלים, ובבהמתנו כרצונם, ובצרה גדולה אנחנו" (נחמיה ט' ל"ו, ל"ז). — מיר זענען היינט קנעכט; קנעכט זענען מיר אויף דעם לאַנד, וואָס דו האָסט געגעבן צו אונזערע עלטערן צו געניסן פון איר פרוכט און גוטס. די תבואות פון דעם לאַנד זענען צינזן צו די מלכים, וואָס דו האָסט אויף אונז געגעבן פאַר אונזערע זינד; אויף אונזערע קערפּערס געוועלטיקן זיי; מיט אונזערע בהמות טוען זיי, וואָס זיי ווילן; מיר זענען אין אַ גרויסער צרה.

עס איז קלאָר, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָט מען גאָר-נישט געקאָנט חלומען פון יענער גלענצנדער צוקונפט, וועלכע די נביאים האָבן צוגעזאָגט דעם פאָלק, ווען ירושלים וועט זיין דער מיטל-פּונקט פון דער וועלט, וואו אַלע פעלקער וועלן ציען; ווען אַלע פעל-

זײ וועלן אָנערקענען דעם ייִדישן גאָט און די ייִדישע תּורה; ווען דער ייִדישער קעניג פֿון מלכות בית דוד וועט געוועלטיקן איבער פֿעל־קער; ווען קעניגן און פֿירשטן וועלן זײַן דינער בײַם פֿאָלק ישׂראל; ווען גערעכטיקייט וועט הערשן אומעטום און וויסנשאַפֿט וועט אָנפֿילן די גאַנצע וועלט, ווי וואַסער באַדעקט דעם ים. יענע זיסע הבטחות האָבן אויסגעזען ווי פֿאַנטאַסטישע ווילדע חלומות, ווען מען האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף דער טרויעריקער ווירקלעכקייט. מען האָט, ווילנדיק נישט ווילנדיק, געמוזט אָפּשטופּן יענע גליקלעכע צײַטן אויף אַ ווײַטער צוקונפֿט, אויף אַ לעתיד לבוא, אויף משיחס צײַטן, ווען די אמתע גאולה וועט ערשט פֿאָרקומען.

און דערווײַל? וואָס בלײַבט צו טאָן דערווײַל, כּדי דאָס ייִדישע פֿאָלק זאָל נישט אונטערגיין, כּדי דאָס ייִדישע פֿאָלק זאָל קאָנען איבערטראָגן די שלעכטע צײַטן, וואַרטנדיק אויף די גוטע? און עזרא האָט זיך גע־נומען אויפֿצובויען אַ גײַסטיקע פֿעסטונג, וואָס זאָל שיצן דאָס פֿאָלק אין אַן עת צרה און זאָל אָפּהיטן זײַן נאַציאָנאַלע גאַנצקייט.

די ערשטע און וויכטיקסטע זאַך, וואָס ער האָט אויפֿגעטאָן, איז געווען צו ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ז י ר ן  ד י  ת ו ר ה, באַקאַנט צו מאַכן דאָס גאַנצע פֿאָלק מיט איר אינהאַלט און איר לערע. ביז דעמאָלט איז די תּורה געלעגן אין די הענט פֿון די כּהנים, אין די הענט פֿון דער פּריסטער־קאַסטע, און דאָס פֿאָלק, אַפֿילו די קעניגן, האָבן פֿון איר נישט געוואוסט. די כּהנים האָבן געטאָן מיט דער תּורה, וואָס זײ האָבן גע־וואָלט; האָבן געפּסקנט די דינים, ווי עס האָט זיך פֿאַר זײ בעסער גע־לוינט. די כּהנים האָבן באַטראַכט די תּורה פֿאַר זייער אייגנטום, און דורך דעם האָבן זײ נישט נאָר געהערשט איבערן פּראָסטן פֿאָלק, נאָר אַפֿילו איבער די קעניגן און פֿירשטן.

דער קאַמף קעגן די כּהנים איז שוין, אמת, געפֿירט געוואָרן נאָך פֿריער פֿאַר עזראן. ירמיה (אַליין אַ כּהן) זידלט זייער שטאַרק די כּהנים (ירמיה, ד׳ ל׳). מיכה שרײַבט: „וכהניה במחיר יורו׳ (מיכה ג׳) — די כּהנים לערנען די תּורה אַזוי ווי מען באַצאָלט זײ. הושע רופֿט זײ „חבר כּהנים“ — אַ באַנדע כּהנים. צפֿניה קלאָגט: „כּהנים חללו קודש; חמסו תורה“ (צפֿניה ג׳) — אירע כּהנים האָבן געשענדט די הייליקייט; זײ האָבן געדרייט די תּורה. דערדאָזיקער קאַמף האָט געבראַכט אויך געוויסע רעזולטאַטן, וואָרן אין דעם קעניג יאשיהס צײַטן האָט מע־ען געלעך אַרויסגעקריגן די תּורה פֿון די כּהנימס הענט און מען האָט זי

פאַרגעייענט פאַר דעם פאָלק (מלכים, כ״ב). עזרא האָט דעמדאָזיק קאַמף אייגנטלעך נישט מער ווי פאָרגעזעצט, אָבער מיט פיל מער דערפאָלג ווי אַלע זיינע פאָרגעגנגער צוזאַמען. דערצו איז ער געווען די פאַסנדסטע פערזאָן; ערשטנס, איז ער אַליין געווען אַ כהן און האָט גאַנץ גוט געוואוסט די תורה; צווייטנס, איז ער געווען אַ סופר־מהיר, אַ גיכער און גוטער שרייבער, וועלכער האָט געקענט שרייבן קאָפּיעס פון דער תורה און אויף אַזאַ אופן זי פאַרשפרייטן צווישן פאָלק. דערצו האָט ער אויך געהאַט די הילף פון זיינע חברים, וועלכע זענען אויך געווען „סופרים מהירים״. גיכע און גוטע שרייבער. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אין יענער צייט איז געווען ווייער אַ גרויסע זעלטנהייט צו געפינען איינעם, וואָס קען שרייבן, ובפרט נאָך דערצו אַ „סופר מהיר״. די, וואָס האָבן געקענט שרייבן, זענען געוויינלעך געווען די געלערנטע, די געזעצגעבער און די פירער פון פאָלק.

עזראס ערשטע אַרבעט איז אַלזאָ געווען אַרויסצורייסן די תורה פון די הענט פון די כהנים, וועלכע האָבן זי מאָנאָפּאָליזירט. ער האָט דעריבער איינגעפירט, אַז מען זאָל פאָרלעזן די תורה פאַר דעם גאַנצן פאָלק און זי דערקלערן אויף דער שפּראַך פון פאָלק „מפרש ושום שכל״ קלאָר און דייטלעך. און נישט נאָר אום שבת און יום־טוב, ווען דער עולם האָט צייט זיך אָפּצוגעבן מיט גייסטיקע ענינים, נאָר אויך אום מאָנטיק און דאָנערשטיק, די מאַרק־טעג, ווען דאָס פאָלק קומט צוזאַמען אויף די מערק, און די בית־דין־טעג (ווען די געריכטן זענען אָפן). אין דער הינזיכט איז עזראס קאַמף ענלעך צו דעם קאַמף פון לוטער קעגן דער קאַטוילישער קירך; דער לעצטער האָט אויך אַרויסגעריסן די ביבעל פון די הענט פון דעם פויפּסט און זיינע באַהעלפער און האָט זי איבערזעצט אין דייטש; ער האָט אויך געקעמפט קעגן דער אויטאָריטעט פון די גלחים, אַז נאָר זיי האָבן צו זאָגן איבער די „הייליקע שריפטן״. עזראס זיג איז אָבער געווען מער פולקאָם ווי לוטערס; דער קירכן־פּרינציפּ איז זינט דאַן אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון יידישקייט. די תורה איז פריי פאַר יעדן; יעדער, וואָס לערנט תורה, איז אַ גלייכער יחסן אין ענינים פון אמונה און דאַרף נישט אָנקומען צום פּריסטער. דער יידישער „גאָטס־מענטש״ איז נאָר אַ „רבי״, אַ געלערנטער אין דער תורה און האָט נישט קיין באַזונדערע הייליקייט. „ממזר תלמיד חכם קודם לכהן גדול עם הארץ״ — אַ תלמיד חכם, אפילו ווען ער איז אַ ממזר, איז וויכטיקער פאַר דעם כהן גדול, וואָס

איז אן עם הארץ. דער עיקר איז די קענטעניש אין דער תורה.

עס פארשטייט זיך, אז די כהנים האבן נישט אזוי ל כט, גאר אן א קאמף אויפגעגעבן זייערע קלאסן-אינטערעסן. שוין פיל שפעטער טרעפן מיר נאך אלץ דידאזיקע מלחמה. זי ווערט געפירט פון די „צדוקים" (די פארטיי פון די כהנים, די פארשטייער פון דער אריסטאקראטיע) און די „פרושים". די לעצטע האלטן שטאל און אייזן פאר „עזרא וסיעתו" און זיינע נייע איינפירונגען, בעת די צדוקים ווילן פון זיי נישט וויסן און נישט הערן, און זוכן נאר צו דערהייבן די מדרגה פון כהונה, פון פריסטערטום.

כדי דעם שטאלץ פון די כהנים אינגאנצן צו צעברעכן, האבן „עזרא וסיעתו" און די „אנשי כנסת הגדולה" איינגעפירט די תפילות. עס זענען געבויט געווארן פארזאמלונגס-פלעצער (בתי כנסיות) אין אלע שטעט, וואו דאס פאלק פלעגט זיך צוזאמענקומען און בעטן ביי גאט דירעקט, אן דער פארמיטלונג פון די כהנים און אן די קרבנות. די גאנצע וויכטיקייט פון די צערעמאניעס אין בית המקדש האט דורך דעם פיל פארלוירן.

דאס איז נאך געווען ווייניק. „עזרא וסיעתו" האבן איינגעפירט, אז די אלע דינים פון „טומאה" זענען גלייך פאר אלעמען, פאר דעם פראסטן פאלק פונקט אזוי גילטיק, ווי פאר די כהנים. טיילווייז זענען „עזרא וסיעתו" באאיינפלוסט געווארן פון די פערסיאנער, וואו די דינים פון טומאה זענען געווען פיל שטרענגער ווי ביי יידן. אבער די הויפט-כוונה איז ווארשיינלעך געווען איינמאל פאר אלע מאל פעסטצושטעלן דעם פרינציפ, אז דער כהן איז בשום אופן נישט קיין העכער וועזן ווי א פראסטער מענטש, א חוץ וואס אנבאלאנגט דער „עבודה", דער גאטעסדינסט, אין בית המקדש.

אויסער דעמדאזיקן אינערלעכן קאמף קעגן דער וויכטיקייט פון דער כהונה, האט עזרא אויך געמוזט זעען צו פארהיטן דאס פאלק פון אן אנדערער סכנה: פון דער געפאר זיך צו פארמישן מיט די ארו-מיקע שכנים און זיך צוריק אומקערן צום געצנדינסט. ער האט דעריבער גוזר געווען:

1) אז מען טאר זיך נישט מתחתן זיין מיט פרעמדע פעלקער. לויט תורת משה גילט דער פארבאט פון געטישטע דהונות נאר אויף די זיבן פעלקער, וואס האבן זיך אויפגעהאלטן אין ארץ ישראל, איי-דער די יידן זענען אהין אנגעקומען. עזרא אבער האט פארבאטן אלע

געמישטע חתונות, אפילו מיט די „שומרונים", א כרעמדער שטאם, וועלכער האט געהאלטן פון תורת משה. עזרא איז געווען זייער שטרענג אין דער הינזיכט: נישט נאר ער האט פארבאטן געמישטע חתונות אין דער צוקונפט, נאר ער האט אויך געפאדערט, אז די אלע, וואס האבן שוין פריער פרעמדע ווייבער, זאלן זיך מיט זיי שיידן און אפילו זיך אפזאגן פון די קינדער. וואס זענען געבוירן געווארן פון אזעלכע חתונות. די יעניקע, וואס האבן עס נישט געוואלט טון, זענען ארויסגעיאגט געווארן פון קהל און זייער אייגנטום איז קאנפיסקירט געווארן (זע: עזרא, י').

2) לויט דער מיינונג פון מאנכע היסטאריקער, האט עזרא אויך איינגעפירט, אז אלע אנדערע לענדער זענען טמא. אין עזרא געפינט זיך ווירקלעך א פאר מאל דער אויסדרוק „טומאת הגוים".

3) כדי זיך נאך מער צו דערווייטערן פון די „שומרונים", האט ער געביטן דעם אלט-העברעישן „אלף-בית" („כתב עברי") אויף דעם „אשורישן", דעם „כתב אשורי". די „שומרונים" האבן נעמלעך געשריבן די תורה אויפן „כתב עברי", און כדי זייער עטוואס געפעלשטע תורה בנוגע דעם בארג גריזים זאל מיט דער צייט נישט אנגענומען ווערן פאר דער יידישער תורה, האט עזרא איינגעפירט, אז מען זאל שרייבן די תורה אויף דעם כתב אשורי; אין אלטעגלעכן לעבן, אין „דברי-הדיוט", איז געבליבן דער אלטער כתב עברי.

4) כדי אויסצוהיטן ווייטערע ענדערונגען, טעותים און פעלשונגען אין דעם קאפירן פון דער תורה, האבן „עזרא וסיעתו" איינגעפירט דעם „קרי" און „כתיב", ד. ה. ווי עס דארף געלייענט ווערן און ווי עס איז אין דער ווירקלעכקייט געשריבן.

ביים איבערשרייבן קאפיעס פון דער תורה האבן די „סופרים" דא און דארטן געפונען פלעצער, וואו דאס געברויכטע ווארט אין טעקסט איז נישט געווען דאס ריכטיקע אדער דאס פאסנדסטע. זיי האבן זיך אבער נישט דערלויבט צו מאכן ענדערונגען אין דער תורה און זיי האבן דעריבער געלאזט אין דעם טעקסט דעם „כתיב" (ווי עס איז געשריבן), דערביי אבער האבן זיי אויך צוגעשטעלט דאס ווארט, וועלכעס האט זיי געשיינט צו זיין דאס ריכטיקע — דעם „קרי". זיי זענען געווען אזוי פארזיכטיק אין דער הינזיכט, אז זיי האבן אפילו געציילט די אותיות און ווערטער פון דער תורה, כדי קיין איינציק פרעמד ווארט זאל אהין נישט אריינקומען. דאס איז געווען זייער א שווערע

אַרבעט. וועלכע האָט אָבער דערפאַר געבראַכט גרויסע נוצן, ווייל נאָר ד.רך דעם איז געלונגען צו פאַרהיטן די תורה פון פעלשונגען און טעותים, וועלכע זענען כמעט אומפאַרמיידלעך געווען אין אַזאַ צייט, ווען פון דרוקן האָט מען נאָך גאָר קיין אנונג נישט געהאַט. דערצו האָבן זיי אויך איינגעפירט, אַז די אותיות מנפצ״ך זאָלן ביים סוף פון וואָרט געענדערט ווערן ווי, צום ביישפיל, מ—ם, נ—ן.

5) זייער פיל איז אויך אויפגעטון געוואָרן פאַר דער ווידער-אויפלעבונג פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, העברעיש, וועלכע איז טייל-ווייז פאַרגעסן געוואָרן אין גלות (זע נחמיה, י״ג). די נייע העברעישע שפּראַך האָט שוין מער נישט געהאַט דעם גלאַנץ און די פּאָעטישע שיינקייט פון די ערשטע נביאים, דערפאַר איז זי אָבער געווען רייכער אין אויסדרוקן און אין באַגריפן.

6) עס זענען געגרינדעט געוואָרן אַקאַדעמיעס (בתי מדרשות), וואו די תורה איז שטודירט געוואָרן לויט די פירושים פון די סופרים. די אויפגאַבע פון די בתי מדרשים איז געווען אַ טאָפּלטע: צו פאַרשפּרייטן די ידיעת התורה, די קענטעניש פון געזעץ ביים פאָלק, און אויך אויסצובילדן די יוריסטן, וועלכע זאָלן קאָנען פאַרנעמען ריכטער-שטעלעס. ביז דעמאָלט זענען דאָס רוב די כהנים געווען די ריכטער; איצטער איז נאָר נייטיק געווען צו זיין אַ תלמיד חכם, כדי צו ווערן אַ ריכטער. און ריכטער זענען דעמאָלט נייטיק גע-ווען, נאָכדעם ווי עזרא האָט געקריגן די דערלויבניש פון דעם פּערסישן קעניג צו באַשטימען ריכטער אין יעדער שטאָט (זע עזרא ז׳, כ״ה; מורה נבוכי הזמן, שער י׳ י״ג). די געריכטס-הייזער זענען געווען צווייערליי: אַ בית-דין של ג׳, וועלכעס איז באַשטאַנען פון דריי ריכ-טער, און אַ בית-דין של כ״ג — פון דריי און צוואַנציק. אין עטלעכע דורות שפּעטער, נאָך דעם אונטערגאַנג פון דער „כנסת הגדולה״, האָט זיך אויך געבילדעט אַ העכסט געריכט פון איין און זיבעציק — דער „סנהדרין הגדול״. די אויפגאַבן פון דידאָזיקע יוריסטישע פאַקולטעטן זענען געווען, ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין „אבות״, פאָלגנדע: „הוו מתונים בדין, והעמידו תלמידים הרבה, ועשו סיג לתורה״ — זייט פאַר-זיכטיק און געלאַסן ביים משפּטן; זעט צו האָבן וואָס מער תלמידים; מאַכט אַ צוים צו דער תורה.

דערדאָזיקער לעצטער פּרינציפּ פון „ועשו סיג לתורה״ איז געווען דער וויכטיקסטער. דערמיט איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ נייער על-

מענט אין דער געזעצגעבונג, אַן עלעמענט, וועלכער האָט געבראַכט פיל ווינשנסווערטע און אויך פיל שלעכטע רעזולטאַטן. דערמיט איז געגעבן געוואָרן רשות, ניין, עס איז אפילו געלייגט געוואָרן אַ חוב אויף די תלמידי חכמים פון יעדן דור איינצופירן נייע געזעצן, אויב זיי געפינען, אַז דידאַזיקע נייע געזעצן זענען נייטיק צו דערהאַלטן די אַלטע. און מיט דער פּריווילעגיע האָבן זיך זייער פיל, טיילמאָל שוין צופיל באַנוצט, נישט נאָר די „אנשי כנסת הגדולה", נאָר אויך די חכמים פון די שפּעטערע צייטן, און האָבן אַנגעמאַכט „גדרים" און „סיגים", און סיגים צו סיגים גאָר אָן אַ סוף.

* *

*

די אַלע פאַרשידענע תקנות און סיגים, וואָס עזרא וסיעתו, און שפּעטער די „אנשי כנסת הגדולה", האָבן געמאַכט, זענען זייער פיל און זיי געפינען זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן תלמוד, וואו זיי זענען באַקאַנט אונטער די נעמען „דברי סופרים" און „תקנות דרבנן" א. ד. ג. ברענגען זיי אַלע איז כמעט אוממעגלעך און אויך נישט נייטיק אין אַזאַ אַרבעט ווי דידאָזיקע. איך וועל דעריבער דאָ נאָר ברענגען יענע, וועלכע זענען צומיינסטן כאַראַקטעריסטיש. דערביי וועל איך זיך הויפּטזעכלעך באַנוצן מיט די פאָלגנדע ווערק: „מורה נבוכי הזמן", „דור דור ודורשיו", גרעטץ און „התלמוד" פון תלמודי.

א) גרויס געוויכט איז געלייגט געוואָרן אויף שבת. אין דער תורה שטייט נאָר, אַז מען טאָר נישט טון קיין שום „מלאכה" אום שבת. וואָס אַזעלכעס ווערט געמיינט מיט דעם וואָרט ? נו, האָבן זיי אויסגערעכנט ניין און דרייסיק מיני אַרבעטן, וועלכע זענען פאַרבאָטן געוואָרן צו טון אום שבת. דערביי איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן האַנדל, הגם עס ווערט נישט איינגעשלאָסן אין דעם וואָרט מלאכה. „אסור מקח וממכר בשבת מדרבנן" — דער פאַרבאָט צו האַנדלען אום שבת איז נאָר מדרבנן. אין די צייטן פון ערשטן בית המקדש, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט זיך באַשעפטיקט נאָר מיט ערד-אַרבעט, איז אַזאַ פאַרבאָט נישט נייטיק געווען, ווייל דאָס פאָלק האָט פון האַנדלען סיי-ווי-סיי ווייניק געוואוסט. שפּעטער אָבער, ווען דער האַנדל איז פאַרשפּרייט געוואָרן, איז דערדאָזיקער פאַרבאָט געוואָרן נייטיק (נחמיה, י"ג).

פיל זאַכן זענען פאַרבאָטן געוואָרן צו טון אום שבת „משום שבות", ד. ה., נישט דערפאַר, ווייל זיי זענען בכלל מלאכה, נאָר

ווייל אין א רו-טאָג דאַרף מען עס נישט טון, ווי צ. ב. רייטן אויף אַ פערד, צוליב די זעלבע סיבות, „משום שבות". זענען זיי אויך פאַרבאָטן געוואָרן אום יום טוב.

דאַקעגן האָבן זיי אין אַ סך הינזיכטן לייכטער געמאַכט דעם שבת; ווי צום ביישפּיל, אין דער תורה שטייט „אל יצא איש ממקומו ביום השביעי" — קיינער זאָל נישט אַרויס פון זיין אָרט דעם זיבעטן טאָג. די כוונה איז פון אָנפאַנג געווען, אַז אום שבת זאָל מען נישט גיין קלויבן דעם „מן", ווייל מען וועט אים נישט געפינען. שפּעטער האָט מען עס אָבער פאַרשטאַנען, אַז מען טאָר טאַקע נישט אַרויסגיין, און זיי האָבן דעריבער איינגעפירט דעם „עירוב". דאָס זעלבע איז אויך מיט דעם „לא תבערו אש" — איר זאָלט נישט אָנצינדן קיין פייער, וואָס די „שומרונים" און שפּעטער די „צדוקים" (און איצט די קאַראַאימען) האָבן טאַקע פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף זיצן אין דער פינסטערניש דעם גאַנצן שבת. זיי האָבן דעריבער איינגעפירט, אַז עס איז גאָר אַ מצווה אָנצוצינדן ליכט אויף שבת, נישט אום שבת נאָטירלעך.

ב) אַ סך תקנות זענען איינגעפירט געוואָרן אין פאַמיליען-לעבן. עס איז איינגעפירט געוואָרן „שניות לעריות". אין דער תורה איז אויסגערעכנט אַ צאָל פון קרובהשאַפטן, מיט וועלכע מען טאָר נישט חתונה האָבן, דיזאָזיקע הייסן „עריות"; די „סופרים" אָבער האָבן פאַרבאָטן אויך די צווייטע מדרגה פון די קרובהשאַפטן, ניי מיט אַ דור פריער, סיי מיט אַ דור שפּעטער. דיזאָזיקע הייסן „שניות לעריות" — די צווייטע צו די עריות (זע: יבמות, כ').

עס איז אויך איינגעפירט געוואָרן חופּה וקדושין. דערמיט איז חתונה געשטעלט געוואָרן אויף אַ רעליגיעזן יסוד, בעת זי איז פריער געווען נאָר אַ ציווילע איינריכטונג. די קדושין מיט „כסף" איז דעמאָלט נאָר געווען אַן איבערבלייבעכץ פון דעם אַלטן מנהג, ווען דער פאָטער האָט געהאַט דאָס רעכט צו פאַרקויפן זיין טאָכטער פאַר געלט.

אויך זענען געמאַכט געוואָרן שווערקייטן אין דעם גטן זיך. די געגטע פרוי האָט געמוזט קריגן אַ סומע געלט, כדי זי זאָל האָבן פון װאָנען צו לעבן. די תקנה איז געמאַכט געוואָרן „די יידישע טעכטער זאָלן נישט זיין הפקר".

דערצו זענען איינגעפירט געוואָרן תקנות פאַר די מינדעריעריקע (קטנות). דער פאָטער איז מחויב צו שפּייזן און קליידן זיינע מינדער-

יעריקע טעכטער. אויב מען האָט חתונה געמאַכט אַ מינדעריעריקע, מעג זי צוועקגיין פון איר מאַן, ווען ער געפעלט איר נישט, אַלס זי ווערט אַ „בגרות", און זי דאַרף גאָר קיין גט נישט האָבן.

ג) אין דיני ממונות זענען איינגעפירט געוואָרן פיל נייע און וויכטיקע געזעצן, וועלכע האָבן זיך געפאָדערט אין יענער צייט. אַזוי, צום ביישפּיל, איז איינגעפירט געוואָרן „קנין במשיכה", ד. ה., עס איז נאָך ווייניק, וואָס איינער באַצאָלט פאַר דער געקויפטער סחורה, דערמיט ווערט זי נאָך נישט זיינע; זי מוז אַריבערגעטראָגן ווערן פון דעם פאַרקויפערס רשות צו דעם רשות פון דעם קויפער, „כדי שלא יאמר לו נשרפו חיטיך בעליה" — כדי ער, דער פאַרקויפער, זאָל אים, דעם קויפער, נישט קאָנען זאָגן, דיין ווייץ איז פאַרברענט געוואָרן.

נאָך אַ תקנה איז געמאַכט געוואָרן, אַז „ד' אמותיו של אדם קונה" — די פיר איילן פון אַ מענטש קויפן פאַר אים, ד. ה., אַז דאָס זיין פון אַ מענטש אין אַ הפקר-פּלאַץ איז גענוג, אַז דער פּלאַץ זאָל ווערן זיינער. דידאָזיקע נייע תקנה איז געווען נייטיק דעמאָלט, ווען פיל פון די פעלדער אין ארץ ישראל זענען געווען הפקר, ווייל זייערע אמתע באַלעבאַטים זענען געטויט געוואָרן אין דער צייט פון די מלחמות אָדער געבליבן אין גלות. דער באַגריף, אַז דריי יאָר האַלטן אַ פעלד איז שוין אַ „חזקה" און דאָס לאַנד באַלאַנגט צו דעם בעל החזקה, איז, העכסט וואַרשיינלעך, אויך אַ פּראָדוקט פון יענער צייט.

דער פאַרבאָט צו נעמען פּראָצענט איז פיל פאַרשטאַרקט געוואָרן. נישט נאָר עס איז פאַרבאָטן צו נעמען דירעקט פּראָצענט, ווען מען לייעט עמעצן געלט, נאָר ס'איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן צו האָבן וועלכע ס'איז רווחים, וועלכע ס'איז „טובת הנאה" אויף וואָס פאַר אַ וועגן ס'זאָל נישט זיין. דאָס איז באַקאַנט אין תלמוד אונטער דעם נאָמען „רבית דרבנן" אָדער „אפק רבית" (זע בבא מציעה ס', ס"א).

עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ שבועה אין געוויסע סכסוכים פון געלט-פראַגן, אַז איינער פון די צדדים אָדער ביידע דאַרפן שווערן, אַז זייערע באַהויפּטונגען זענען אמת. דאָס איז באַקאַנט אין תלמוד אונטער דעם נאָמען „שבועת היסת".

געוויסע קלאַסן מענטשן זענען געבסלט געוואָרן אַלס עדות ווי, צום ביישפּיל, געמבלער, פּראָצענטניקעס און „סוחרי שביעית" (די מענטשן, וואָס פלעגן אין די שמיטה-יאָרן אָנזאַמלען די תבואות, וואָס זענען געווען פריי פאַר אַלעמען און זיי פאַרקויפן. די אָרימעלייט פלעגן

דורך דעם זייער פיל ליידן). שפעטער, אין די צייטן פון די רוימער, האָט מען אויך די „מוכסים" (די צינזן קלויבער) געפּסלט אַלס עדות (ע סנהדרין, כ"ד, כ"ה).

ד) אין „דיני נפשות" (אין קרימינאַל-געזעצן) זענען איינגעפירט געוואָרן זייער וויכטיקע רעפאָרמען. די פרימיטיווע געזעצן פון תורת משה זענען כמעט אינגאַנצן אָפּגעשאַפט געוואָרן, און אויך זייער פּלאַץ זענען אַרויסגעוואַקסן נייע, מער מענטשלעכע, איידעלערע באַגריפן וועגן פאַרברעכן און שטראָף. די „סופרים" האָבן די אַלטע געזעצן אויסגע-טייטשט אויף אַזאַ וועג, וואָס האָט זיך מער געפּאַסט מיט די נייערע באַגריפן. אַזוי, צום ביישפּיל, איז געזאָגט געוואָרן, אַז „עין תחת עין — זהו ממון", ד. ה., עס ווערט נישט געמיינט, מען זאָל אַרויסנעמען אַן אויג פאַר אַן אויג, נאָר אַז מען זאָל באַצאָלן דעם געשעדיקטן דעם ווערט פון זיין אויג. דאָס זעלבע איז אויך געזאָגט געוואָרן וועגן דעם דין „וגם בעליו יומת" — און אויך דער איינגנטימער פון דעם „שור המועד" זאָל געטויט ווערן, אַז דאָס מיינט נאָר אַ געלט-שטראָף. דאָס זעלבע איז אויך געזאָגט געוואָרן וועגן דעם געזעץ „וקצותה את כפה" און אַזוי ווייטער.

די טויט-שטראָף איז טעאָרעטיש געבליבן אין קראַפט, אָבער אין דער פּראַקטיק האָט זי כמעט נישט עקזיסטירט. די שפּעטערע תלמודיסטן זענען אַוועק אַזוי ווייט אין דער הינזיכט, זיי האָבן געפאָדערט אַזעלכע אוממעגלעכע איינצלהייטן פון די עדות, אַז עס איז פּשוט געווען אוממעגלעך צו פאַראורטיילן אַ פאַרברעכער מיט טויט-שטראָף. עס איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַ בית-דין, אַ געריכט, וואָס האָט פאַראורטיילט צום טויט איינעם אין זיבעציק יאָר, האָט מען גערופן „בית-דין קטלנית" — אַ מערדעריש געריכט.

די אייניקע ביישפּילן, וואָס איך האָב דאָ געבראַכט, זענען גענוג, כדי צו געבן דעם לעזער אַ מער אָדער ווייניקער קלאָרן באַגריף פון דער טעטיקייט פון עזרא וסיעתו און זייערע נאָכפאָלגער די „אנשי כנסת הגדולה". מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געווען אַ גאַנץ לאַנגע עפּאָכע, וועלכע האָט זיך געצויגן פון עזראן, ביז דעם זיג פון אַלכּסנדר מוקדון איבער פערסיען, ווען ארץ ישראל איז צום דריטן מאָל אַריבער אין פרעמדע הענט און איז געוואָרן אַ גריכישע פּראָווינץ. אין אַזאַ לאַנגער צייט זענען נאַטירלעך איינגעפירט געוואָרן הונדערטער איבער הונדערטער נייע תקנות און הלכות. זיי זענען אָבער

צעשפרייט איבער דער גאַנצער גרויסער תלמודישער ליטעראַטור אָן שום וועלכן ס'איז היסטאָרישן סדר, אַזוי, אַז עס איז אוממעגלעך צו וויסן אויף באַשטימט, וועלכע פון די נייע איינריכטונגען שטאַמען אָפּ פון יענער עפּאָכע און וועלכע שטאַמען אָפּ פון שפּעטערע צייטן.

עס איז אָן שום ספק, אַז פיל פון די געזעצן און מנהגים, וועלכע זענען באַקאַנט אין תלמוד מיט דעם נאָמען „הלכה למשה מסיני", זענען איינגעפירט געוואָרן פון עזראן און די אנשי כנסת הגדולה, הגם טייל פון זיי שיינען צו זיין פון אַ שפּעטערער צייט. די אַלע מנהגים און הלכות, וועמענס אָפּשטאַמונג די תלמודיסטן האָבן נישט געוואוסט אויף קלאָר, האָבן זיי גערופן „הלכה למשה מסיני" (זע: מורה נבוכי הזמן, שער י"ג; דור דור ודורשיו, פרק עשירי).

דער כאַראַקטעריסטישער צוג פון דידאַזיקע אַלטע הלכות באַשטייט אין דעם, וואָס זיי ווערן נישט אַריינגעקוועטשט אין דעם מיין פון דער געשריבענער תורה דורך פאַרשידענע פּשטלעך און אומלאָגישע דריידלעך. דידאַזיקע מעטאָדן זענען איינגעפירט געוואָרן ערשט שפּעטער, ווען די צדוקים זענען אַרויסגעטרעטן, אין דעם נאָמען פון דער תורה שבכתב, קעגן די נייע הלכות און תקנות, ווי מיר וועלן זעען אין פאָלגענדן קאַפּיטל.

III.

## די צדוקים און די פרושים

פרידלעך, רויק, אָן שום מלחמה איז דאָס לאַנד יהודה אַריבער־געגאַנגען אין די הענט פון די גריכן. שוואַך און קליין, אָרים און נידערגעשלאָגן איז דאָס יידישע פאָלק דעמאָלט געווען אויף דעם לאַנד פון זיינע עלטערן. אַזאַ פאָלק האָט גאַרנישט געקאָנט חלומען צו שטעלן זיך קעגן דעם אומבאַזיגבאַרן אַלכּסנדר מוקדון, וועלכער האָט צעשמעטערט אפילו די גרויסע און מעכטיקע מלוכה פון די פערסיאַנער. עס איז זייער מעגלעך, אַז די יידן האָבן זיך אפילו געפרייט מיט אַלכּסנדרס נצחון איבער די פערסיאַנער, באַטראַכטנדיק עס פאַר גאָטס פינגער. יעדנפאַלס האָבן זיי דערביי גאָרנישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן, וואָרים וואָס איז דער חלוק, ווער עס וועט זיין זייער הערשער? מיט וואָס איז דער פערסיאַנער יאָך בעסער ווי דער גריכישער?

די איינציקע זאַך, וואָס די יידן האָבן דעמאָלט פאַרלאַנגט, איז געווען: די פרייהייט צו דינען זייער גאָט אויף זייער אייגענעם דרך, די פרייהייט פון גלויבן. און דאָס האָט זיי אַלכּסנדר מוקדון באַוויליגט, נישט זעענדיק אין דעם קיין סכּנה צו זיין וועלטלעכער הערשאַפט.

שטאָלץ, מיטן גרעסטן גלאַנץ און פּראַכט, אַרומגערינגלט מיט זיין גרויסער סוויטע, אַ גבור, וואָס קערט צוריק פון אַ זיגרייכער מלחמה, די גאַנצע דעמאָלטדיקע וועלט ביי זיינע פיס, איז אַלכּסנדר אַריין אין לאַנד יהודה. מיט הכנעה און עניוות, געקליידט אין די בגדי כּהונה, באַגלייט פון די „יקירי ירושלים“ מיט שופרות אין זייערע הענט, האָט אים — לויט דער לעגענדע — שמעון הצדיק מקבל פּנים געווען.

זיי האָבן זיך ביידע באַגעגנט — האָבן זיי דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז צוויי וועלטן זענען געקומען אין צוזאַמענשטויס? האָבן זיי

באַגריפן, אַז צווי כמעט קעגנגעזעצטע קולטורן זענען געקומען אין באַרירונג ?

די ערשטע באַגעגניש איז יעדנפאַלס געווען אַ פרידלעכע. אָבער דערדאָזיקער פרידן האָט אָנגעהאַלטן נאָר אַ קורצע צייט: די מלחמה איז געווען אומפאַרמיידלעך און זי איז באַלד געקומען. די „אנשי כנסת הגדולה" האָבן גאַנץ לייכט געקאָנט „שעכטן דעם יצר הרע פון געצן-דינסט", אָבער זיי זענען געווען מאַכטלאָז קעגן דער גרויסאַרטי־קער גריכישער קולטור, וועלכע האָט גענומען אונטערגראָבן די סאַמע יסודות פון יידישן לעבן; די „כנסת הגדולה" גופא איז צעפאַלן געוואָרן.

די אַלע סיגים און גדרים, גזרות און תקנות, וועלכע האָבן גע־האַט די עובדא צו דערהאַלטן די גאַנצקייט פון דער נאַציע, טאַקע דידאָזיקע נייע איינפירונגען גופא האָבן אַרויסגערופן די שטאַרקסטע און ביטערסטע פאַרטיי-קאַמפן, וועלכע האָבן געשטעלט אין סכנה דעם גאַנצן קיום פון דער אומה.

דער אויסערלעכער גלאַנץ פון דער גריכישער קולטור; דאָס פרייע און פריילעכע לעבן פון די גריכן; זייערע שיינע מאַניערן, זייער שפּילן אין די אַמפי-טעאַטערן האָבן געהאַט אַ געוואַלטיקן איינ־פלוס אויף פיל פון די יידישע יונגעלייט, הויפּטזעכלעך אויף די ריי־כע יחסנים, וועלכע זענען צוליב זייער געזעלשאַפטלעכער און פּאָלי־טישער לאַגע געשטאַנען אין נעענטערע באַציונגען מיט די גריכישע מאַכט-האָבער. דידאָזיקע האָבן געבילדעט די העללעניסטישע פּאַרטיי.

אָבער בעת פון אָנפאַנג האָבן די העללעניסטן נאָר געקעמפט קעגן די איבעריקע חומרות, קעגן דער צו גרויסער אָפּגעזונדערטקייט פון דעם יידישן פאָלק, קעגן די נייע גזרות און תקנות, קעגן די אַזוי בערופענע „תורת זקנים", זענען זיי מיט דער צייט אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק פון דעם יידנטום: זיי זענען געוואָרן שונאים פון דער יידישער תורה בכלל, פון דער גאַנצער יידישער קולטור. זיי האָבן אפילו געזוכט צו באַקעמפן די יידישע נאַציאָנאַליטעט; זיי האָבן גע־זוכט זיך געגצלעך צו אַסימילירן מיט די גריכן.

די נייע העברעישע שפּראַך איז פאַרביטן געוואָרן אויף דער גריכישער, וועלכע איז געוואָרן די שפּראַך פון די אַריסטאָקראַטן. זיי האָבן גענומען בייטן זייערע נעמען אויף גריכישע: פון „ישוע" האָט

מען געמאכט „יאזאן", פון „חניו" — מענעלאס. אפילו די העברעישע נעמען פון די שטעט האט מען פארביטן אויף גריכישע: פון „רבת-עמון" איז געווארן פילאדעלפיא; פון „הר מואב" — אריאפאליס, און אזוי ווייטער.

אין די אמפי-טעאטערן זענען די שפילן פארגעקומען אום שבת — דאס האט די העללעניסטן נישט אפגעהאלטן: זיי האבן מחלל שבת געווען. ביי די שפילן פלעגט מען דארפן גיין נאקעט, און די גריכן פלעגן אפלאכן פון די יידישע יונגעלייט, וואס זיי טראגן אויף זייער לייב א צייכן פון יידישקייט. דאס איז געווען א גענוגנדע סיבה, אז די העללעניסטן זאלן אויפהערן מל צו זיין זייערע קינדער, און די שוין געמלטע פלעגן זיין „מושכי ערלה".

עס איז געקומען אזוי ווייט, אז די העללעניסטישע כהנים גדולים, וועמענס אויפגאבע עס איז געווען צו זיין די היטער פון דער יידישער אמונה, האבן גאר געצוואונגען די יידן מיט געוואלט צו פארלאזן זייער גלויבן. פיל פון די יידישע געלערנטע זענען געטויט געווארן באר דערפאר, וואס זיי האבן זיך געהאלטן פעסט אן זייער יידישקייט.

צו פארדאנקען די אריסטאקראטישע העללעניסטן מיט די העללעניסטישע כהנים גדולים, האט די סיריש-גריכישע רעגירונג זיך גענומען אריינמישן אין די ענינים פון דער יידישער אמונה. דידאזיקע פאלקס-פאררעטער האבן פשוט פארמסרט די יידישע תורה, אז זי לערנט שנאה און פאראכטונג צו אלע אנדערע פעלקער, און אז מען דארף דעריבער מיט געוואלט צווינגען די יידן צו פארלאזן דידאזיקע שעדלעכע לערעס. און די מסירות האבן געהאט זייער ווירקונג: עס האבן זיך אנגעהויבן די שוידערלעכע רדיפות און גזרות, וועלכע האבן דערגרייכט זייער העכסטע מדרגה אין די צייטן פון דעם „משוגענעם אנטיוכוס" און וועלכע האבן זיך געענדיקט ערשט דאן, ווען די חשמונאים זענען ארויס די זיגער אין דעם גרויסן באפרייונגס-קאמף.

דערדאזיקער פארביטערטער קאמף קעגן אלץ וואס איז יידיש, וואס די העללעניסטן האבן אנגעפירט, האט ארויסגערופן אין לעבן די פארטיי פון די „חסידים". די לעצטע זענען, ווי עס איז געווייגלעך דער פאל אין פארטיי-קאמפן, אוועק צום אנדערן עקסטרעם. עס זענען געשאפן געווארן נאך מער נייע סיגים און גדרים, וועלכע האבן געהאט די אויפגאבע צו דערווייטערן די יידן פון דער גריכישער קולטור. דער

האָט קענען אַלץ, וואָס איז גריכיש, איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. די גריכישע שפּראַך, גריכישע נעמען, גריכישע שפּילן און „חכמת יונית” בכלל איז געווען טרפה ווי חזיר. מען האָט פאַרשאָלטן יעדן, וואָס לערנט חכמת יונית. די אַלע מאמרים און אגדות אין תלמוד, וואו די גריכישע קולטור ווערט שאַרף אָנגעגריפן, שטאַמען אָפּ פון יענע צייטן.

די חשמונאים האָבן געזיגט. דאָס יידישע פאָלק האָט נישט נאָר געקריגן זיין רעליגיעזע פרייהייט, נאָר אויך געוויסערמאָסן זיין פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. דאָס בית המקדש איז געריייניקט געוואָרן; דער „שקוץ משומם” איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן; די העללעניסטישע כהנים גדולים זענען פאַריאָגט געוואָרן. פיל פון די העללעניסטן זענען אויסגעהרגעט געוואָרן; פיל זענען אינגאַנצן אַוועק פון ארץ ישראל אין די דערבייאיקע גריכישע פּראָווינצן — דאָס לאַנד איז ריין געוואָרן פון די העללעניסטן. מיט דעם פאַרשווינדן פון די העללעניסטן זענען אָבער אויך די חסידים אַראָפּ פון דער בימה: זיי זענען מער נישט נייטיק געווען. מיט דעם אָנפאַנג פון דער חשמונאים-הערשאַפט טרעפן מיר מער נישט די נעמען פון דיביידע פּאַרטייען.

דאָס לעבן פון פאָלק האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט. די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן די מיינונגס-פאַרשידנהייטן, זענען מער אָדער ווייניקער נאָך געבליבן די זעלבע. עס זענען דעריבער אַנטשטאַנען נייע פּאַרטייען אויף די אַלטע יסודות. אמת, די מיינונגס-פאַרשידנהייטן זענען שוין מער נישט געווען אַזוי שאַרף און בולט, דער קאַמף נישט אַזוי האַרטנעקיק, דער האַס נישט אַזוי ביטער, אָבער פּאַרטייען האָבן דאָך עקזיסטירט. די דאָזיקע פּאַרטייען זענען עס — די צ ד ו ק י ם און די פ ר ו ש י ם.

צוויי הויפּט שטרעמונגען זענען געווען צו באַמערקן אין דעם דעמאָלטדיקן לעבן פון יידישן פאָלק, וועלכע האָבן זיך איינע דער אַנדערער סותר געווען. איינע איז באַשטאַנען אין דעם, אַז די יידן זאָלן ווערן גלייך מיט די אַלע אַרומיקע פעלקער, וועלכע זענען געווען אונטער דעם איינפלוס פון דער גריכישער קולטור. די אַנדערע, דאַקעגן, האָט געשטרעבט דערצו, אַז די יידן זאָלן בלייבן אַן „עם לבדד ישכון” אַן אָפּגעזונדערט פאָלק מיט זיינע אייגענע מנהגים און דינים, מיט זיין אייגן אַרט לעבן, מיט זיין אייגענער קולטור, און דעריבער זיך דעו

וויטערן וואָס מער און מער פון אַלץ, וואָס עס איז פרעמד. הויפּט-זעכלעך פון אַלץ, וואָס עס איז גריכיש.

דידאַזיקע שטרעמונגען האָבן זיך פריער אויסגעדריקט אין דעם העללעניזם פון איין זייט און אין די „חסידים" פון דער אַנדערער. שפּעטער, אונטער עטוואָס געענדערטע אומשטענדן, האָבן זיי זיך אויסגעדריקט אין די „צדוקים" און די „פּרושים". און בעת די מיינונגען פון די צדוקים קומען זיך צוזאַמען אין פיל הינזיכטן מיט די מיינונגען פון די העללעניסטן, זענען די לערעס פון די פּרושים כמעט די זעלבע, ווי די לערעס פון די חסידים. די צדוקים זענען געלאַסענערע העללעניסטן; די פּרושים וויניקער פאַרברענטע חסידים. אין די ביידע פאַלן זענען עס געווען די מיוחסים און די רייכע, וועלכע האָבן געזוכט די פרעמדע קולטור, בעת די שיכטן, וואָס זענען געשטאַנען נענטער צום פאָלק, צום המון עם, האָבן זיך געהאַלטן פעסט אָן דער אייגענער פאָלקס-קולטור.

ווי געזאָגט, האָט דאָס יידישע פאָלק דורך דעם זיג פון די חשמונאים נישט נאָר געוואונען זיין רעליגיעזע פרייהייט, נאָר צום טייל אויך זיין פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. די נייע הערשער פון דעם יידישן פאָלק האָבן זאָגאַר געשטרעבט צו מאַכן פון דעם לאַנד יהודה אַ וועלטלעכע מאַכט. עס פאַרשטייט זיך, אַז אונטער די אומשטענדן איז געווען פּשוט אַן אוממעגלעכקייט צו פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע זאָל באַצוועקן די פאַרניכטונג פון דער אָקאָרשט געוואונענער נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט און וואָס זאָל פּרעדיקן די אַסימילירונג פון דעם יידישן פאָלק מיט די אַרומיקע פעלקער. ביי די צדוקים געפינען מיר דעריבער נישט מער דידאָזיקע אַנטי-נאַציאָנאַלע אַגיטאַציע. בעת דער קאַמף קעגן דער „תורת זקנים", קעגן דער אַזוי גערופענער „תורה שבעל פה" ווערט פאַרגעזעצט מיט דער זעלבער ביטערקייט. די צדוקים האָבן נישט באַקעמפט דאָס יידנטום אַלס אַזעלכעס; זיי האָבן אויך נישט, בדרך כלל, באַקעמפט די יידישע נאַציאָנאַליטעט. זיי האָבן נאָר באַקעמפט אַ באַשטימט יידנטום — דאָס יידנטום פון די פּרושים.

* *

*

ווען אייגנטלעך די צדוקים זענען אַרויסגעטרעטן אַלס אַ פּאַרטיי און וואָס דערדאָזיקער נאָמען באַטייט, איז נישט אינגאַנצן קלאָר. די שפּעטערע תּלמודיסטן האָבן דעם ענין אינגאַנצן פאַרפּלאָנטערט, ווייל זיי זענען נישט געווען באַקאַנט מיט דער היסטאָריע פון יענע צייטן. אין אַ סך זענען אָבער אויך שולדיק די פאַרשידענע קריסטלעכע צענזורן פון דעם תּלמוד, וועלכע האָבן אויסגעשטעלט דאָס וואָרט „צדוקי" דאָרטן, וואו עס האָט געדאַרפט שטיין „מין". מען טרעפט דעריבער אָן אין תּלמוד גאַנץ אָפט די טענות פון די „מינים"*) אין דעם מויל פון אַ צדוקי (שבת, קט"ז).

וועגן דער אָפּשטאַמונג פון די צדוקים ווערט אין תּלמוד (אבות דרבנן נתן) דערציילט פאָלגנדע מעשה: אנטיגנוס איש סוכו האָט גע-דרשנט פאַר זיינע תּלמידים: „אל תהיו כעבדים המשמשין את הרב על מנת לקבל פרס" — איר זאָלט נישט זיין ווי די שקלאַפן, וואָס דינען זייער הער פאַר דעם שטיקל ברויט. דידאָזיקע הויך עטישע לערע איז שלעכט פאַרשטאַנען געוואָרן פון צוויי פון זיינע תּלמודים. „הייסט עס", האָבן זיי געזאָגט, „אַז אויף יענער וועלט איז נישטאָ קיין שכר ועונש, טאָ פאַרוואָס זאָל מען נישט לעבן אַ גוטן טאָג אויף דער וועלט?" זיי זענען דעריבער אַרויסגעטרעטן און געגרינדעט צוויי נייע סעקטעס — די צדוקים און די ביתוסים.

די מעשה פון דעם תּלמוד האָט אָבער אַ גאַנץ קנאַפּן היסטאָרישן ווערט. אנטיגנוס האָט, לויט דער טראַדיציע, געלעבט נאָך פאַר דער צייט פון די העללעניסטן און די חסידים, און זיינע תּלמידים האָבן דאָך נישט געקאָנט ווערן די גרינדער פון די פּאַרטייען, וועלכע זענען אַנטשטאַנען פיל שפּעטער. דאַן זענען דאָ צונויפגעמישט גע-וואָרן די צדוקים מיט די ביתוסים, בעת די לעצטע זענען געווען פיל שפּעטער, אין די צייטן פון הורדוס דעם גרויסן, און האָבן זיך גערופן נאָך דעם נאָמען פון דער פאַמיליע ביתוס, פון וועלכע

---

*) די מ י נ י ם זענען עס די יידיש-קריסטלעכע סעקטן, דהויפּטזעכלעך די גנאָסטיקער, די „יודעים".

הורדוס האָט געמאַכט כהנים גדולים אויף דעם אָרט פון די דערמאָר־דעטע חשמונאים.

מאַנכע פון די נייע היסטאָריקער ווי, צום ביישפּיל, גייגנער, באַ־הויפּטן, אַז דער נאָמען צדוקים שטאַמט פון דעם נאָמען צדוק, דער כהן גדול, וועלכער האָט געלעבט אין שלמה המלכס צייטן, די פּאַמיליע „צדוק" האָט געהאַט די כהונה גדולה אין דער גאַנצער צייט פון דעם ערשטן בית המקדש און אויך אין צווייטן בית המקדש, ביז די צייטן פון די חשמונאים, וועלכע האָבן פאַרנומען זייער פּלאַץ. די־דאָזיקע „צדוקים", די אַלטע אַריסטאָקראַטיע זאָל זיך שפּעטער האָבן פאַרייניקט מיט די חשמונאים, די נייע אַריסטאָקראַטן, כדי צוזאַמען צו באַהערשן דאָס פאָלק. די השערה לייגט זיך ווייניק אויפן שכל, ווייל עס איז דאָך אומגלויבלעך, אַז די נייע אַריסטאָקראַטיע, די חשמונאים זאָל זיך רופן מיט דעם נאָמען פון דער אַלטער אַריסטאָקראַטיע, אויב עס זאָל שוין אפילו זיין מעגלעך, אַז צוויי דינאַסטיעס זאָלן קאָנען לעבן בשלום איינע מיט דער אַנדערער.

א גאַנץ אַנדערע אינטערעסאַנטע דערקלערונג וועגן דער אָפּ־שטאַמונג פון דידאָזיקע נעמען גיט פּראָפעסאָר ד א ר נ ב ע ר ג. ער באַהויפּטעט, אַז דאָס וואָרט צדוקים שטאַמט פון דעם וואָרט צדיקים — די גערעכטע. די צדוקים האָבן זיך געמלעך גערופן צ ד י ק י ם, ווייל זיי האָבן געגלייבט צו טון אַלץ, וואָס גערעכט איז, און האָבן אויס־געמיטן צו טון אַלץ, וואָס מען טאָר נישט. זיי ווילן אָבער נישט טון לפנים משורת הדין, זיך אָפּצוהיטן פון זאַכן, וואָס מען מעג נאָכן דין יאָ טון. זיי ווילן נישט אָנערקענען די נייע גדרים און סיגים — זיי ווילן נישט זיין פּרושים (אָפּגעזונדערטע, אָפּגעהיטענע). דער אמתער נאָמען פון דער פּאַרטיי איז אַלזאָ „צדיקים", און נאָר זייערע קעגנער האָבן זיי גערופן „צדוקים", כדי פון זיי חוזק צו מאַכן. דאָס זעלבע האָבן געטון די צדוקים, וועלכע האָבן אָנגעגריפן זייערע קעגנער, רופנדיק זיי „פּרושים" (בטלנים) און זאָגאַר „מכת פּרושים" — די פּרושים־מכה.

ביי די שפּעטערע תּלמודיסטן זענען ווירקלעךביידע נעמען סיי „צדוקי" סיי „פּרושי" נאָר זידלווערטער. מיט דעם וואָרט „צדוקי" ווערט באַצייכנט אַמאָל סתם אַן אפּיקורס און אַ כופר, אַן אַנדערש מאָל אַ גנאָסטיקער און ווידערצמאָל אַ הפקר־מענטש. מיט דעם

וואָרט „פּרושי" חערט אָפּט באַצייכנט א בטלן, א פאַנאַטיקער און אויך א צבועק*).

אָבער בעת עס זענען פאַראַן מיינונגס-פאַרשידנהייטן וועגן דער באַדייטונג פון דידאָזיקע נעמען, זענען דאָקעגן אַלע היסטאָריקער מסכים, אַז די צדוקים זענען אַרויסגעטרעטן אַלס פּאַרטיי ערשט אין די צייטן פון די חשמונאים (מורה נבוכי הזמן, דור ודור ודורשיו, גרעטץ און דארנבערג).

* *

*

די אַלע חלוקי דעות צווישן די פּרושים און די צדוקים קאָנען איינגעטיילט ווערן אין די פאָלגנדע גרופּן:

1) וועגן דער הנהגה פון דער מלוכה, ד. ה., וועגן דעם שטאַטס-לעבן.

2) אין זייער פילאָזאָפיע און מאָראַל.

3) אין די רעליגיעזע צערעמאָניעס.

4) אין קרימינאַל- און ציוויל-געזעצן.

וועגן דער הנהגה פון דער מלוכה:

די ערשטע חשמונאים זענען נאָר געווען נשיאים און כהנים גדולים. זיי האָבן נאָך נישט געהאַט די העזה זיך צו קרוינען מיטן טיטול „מלך" און זיך נעמען די קעניגלעכע מאַכט, הגם דאָס לאַנד יהודה איז שוין מער נישט געווען אונטערגעוואָרפן אונטער דער הערשאַפט פון די גריכן. די ערשטע חשמונאים האָבן פשוט מורא געהאַט, אַז דורך אַזאַ געוואַגטן שריט וועלן זיי דערוועקן קעגן זיך דעם צאָרן פון פאָלק, וועלכעס האָט געקריגן אַ שטאַרקע אַנטי-מאָנאַרכיסטישע דערציִונג דורך די „אנשי כנסת הגדולה", די „חסידים" און שפּעטער די „פּרושים". נישט ווייל די אַלע לערער פון פאָלק זענען געווען רעפּובליקאַניש אין דעם זינען, ווי מיר פאַרשטייען עס איצטער, נאָר ווייל זיי האָבן אָנערקענט די תורה איבער אַלץ. יעדער, וואָס האָט געלערנט די תורה און געפאָלגט אירע באַפעלן, איז שוין דערמיט גופא געוואָרן גלייך באַרעכטיקט מיטן כהן גדול, נשיא אָדער

---

*) זע סוטה כ"ב: ת"ר שבעה פרושין הן וכו'.

קעניג. עס איז געווען אַ פֿולשטענדיקע דעמאָקראַטיע, וואו נאָר גאָט און זיין וואָרט, די תורה, האָט געהאַט צו זאָגן: עס איז געווען אַ מין געטלעכע רעפּובליק, און אויב דאָס פֿאָלק וואָלט אויף זיך גענומען די הערשאַפֿט פֿון אַ קעניג, האָט ער געמוזט זיין דער לאַנג-דערוואַרטעטער „משיח בן דוד", דער גאָט-געזאַלבטער קעניג פֿון דער פֿאַמיליע דוד, וועלכער דאַרף מיט זיך פֿאַרקערפּערן די געטלעכע גערעכטיקייט אויף דער ערד. און ערשט ער, דער דאָזיקער אמתער דערלייזער, וועט ברענגען די אמתע גאולה און וועט צוריקקערן צום יידישן פֿאָלק זיין שטאָלץ און גלאַנץ. די חשמונאים, וועלכע האָבן קיין שום שייכות נישט געהאַט מיט דער פֿאַמיליע דוד, האָבן דעריבער די ערשטע צייט אפֿילו נישט געחלומט צו ווערן מלכים. עס איז אפֿילו מעגלעך, אַז זיי גופא האָבן געוואַרט און געהאָפֿט אויף דעם בן-דוד.

די ערשטע חשמונאים זענען געווען פּרושים און האָבן זיך געפֿירט לויט די לערעס פֿון די תורת זקנים. אַזוי שנעל אָבער ווי זייערע נאָכפֿאָלגער האָבן זיך דערוואָרבן דורך זייערע נצחונות איבער די שכנותדיקע פֿעלקער אַ גרעסערע מאַכט, זענען זייערע באַציונגען צו די פּרושים געענדערט געוואָרן. דאָס איז געווען אומפֿאַרמיידלעך, ווייל די לערעס פֿון די פּרושים זענען געווען נישט נאָר קעגן די אינטערעסן פֿון דער חשמונאים-דינאַסטיע, נאָר אויך קעגן די אינטערעסן פֿון דעם גאַנצן באַאַמטן-קלאַס און דער אַריסטאָקראַטיע, פֿאַר וועלכע עס האָט זיך בעסער געלוינט אַ מלוכה. די לערעס פֿון די צדוקים זענען דאַקעגן געווען ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר די נייע אומשטענדן, פֿאַר דער נייער ריכטונג אין דעם פּאָליטישן לעבן.

די צדוקים האָבן נישט געגלייבט אין אַ משיחן, וועלכער דאַרף אָפּשטאַמען פֿון דער דוד-פֿאַמיליע. דאָס איז געווען ווי געוואונטשן פֿאַר די הערשזיכטיקע שטרעבונגען פֿון דער נייער חשמונאים-דינאַסטיע. זיי, די חשמונאים, קאָנען אַליין אויך ווערן מלכים. זיי קאָנען נעמען די לייצעס פֿון דער רעגירונג אין זייערע אייגענע הענט און רעגירן אַזוי ווי זיי געפֿינען פֿאַר נייטיק.

ווייטער, די כהנים ווערן באַטראַכט אַלס אַ פּריווילעגירטער קלאַס, אַלס מענטשן, וועלכע שטייען אויף אַ העכערער מדרגה. די אַלע דינים פֿון טומאה זענען דעריבער הויפּטזעכלעך גילטיק נאָר פֿאַר די כהנים. דאָס האָט זייער געשמייכלט די חשמונאים, וועלכע זענען געווען כהנים. אגב האָט עס געגעבן אַ מעגלעכקייט אָפּצושאַפֿן

די טומאה אויף חוץ לארץ, וועלכע די „חסידים" האָבן איינגעפירט אין זייער קאַמף קעגן דעם העללעניזם. דאָס איז געווען אַ גרויס גע-ווינס פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, וואָרן מיט דער אָפּשאַפונג פון דערדאָזיקער גזרה איז מעגלעך געוואָרן צו מאַכן פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אָפּמאַכונגען און פאַרבינדונגען מיט אַנדערע פעלקער און לענדער.

צוויי מער אָדער ווייניקער היסטאָריש-ריכטיקע מעשיות געפינען זיך אין תּלמוד וועגן יענער צייט, וועלכע כאַראַקטעריזירן גאַנץ גוט דעם פּאָליטישן קאַמף, וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען צווישן די פּרושים און די צדוקים.

די ערשטע מעשה שטעלט פאָר בקיצור אַזוי: דער קעניג ינאי*) האָט זיך צוריקגעקערט פון אַ מלחמה, דורך וועלכער ער האָט גע-וואונען זעכציק שטעט. ער האָט דאַן געמאַכט אַ סעודה, אויף וועלכער ער האָט איינגעלאַדן אַלע חכמים. ביי דער סעודה האָט אלעזר בן פּועירה פאַרמסרט דעם קעניג: די פּרושים האָבן אַ הארץ אויף דיר. האָט זיך דאָרט געפונען אַן אַלטער פּרוש יהודה בן גדידא, וועלכער האָט געזאָגט: „קעניג ינאי, זאָל פאַר דיר גענוג זיין די מלוכה און לאָז די כהונה צו אמתע כהנים, ווייל דיין מוטער איז געווען אַ גע-פאַנגענע אין די צייטן פון אנטיוכוס"... עס האָט זיך אָבער אַרויסגע-שטעלט, אַז דער חשד איז געווען אַ פאַלשער. דער קעניג איז נאַטיר-לעך געוואָרן זייער בייז און האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל יהודה בן גדידאן באַשטראָפן. די פּרושים האָבן געפּסקנט, אַז אים קומט נאָר מלקות, ווי יעדן, וואָס איז מוציא לעז אויף זיין חבר. דאָס איז ינאין גאָרניט געפעלן געוואָרן: צו באַליידיקן דעם קעניג און דעם כהן גדול איז, הייסט עס, נישט קיין גרעסערע זינד, ווי צו באַליי-דיקן אַ פּראָסטן מענטש. ער איז דעריבער געוואָרן אַ צדוקי, פאַר-פאָלגנדיק די פּרושים (קידושין ס"ו).

די אַנדערע מעשה איז פאָלגנדע: דעם קעניג ינאיס אַ קנעכט האָט געהרגעט אַ מענטש. שמעון בן שטח האָט געשיקט צום קעניג,

---

*) ביי יאָזעפוס געפינט זיך אויך די זעלבע מעשה, אָבער אַנשטאָט ינאי המלך ווערט זי דערציילט אויף יוחנן הורקנוס. דער נוסח פון יאָ-זעפוס איז דער ריכטיקער.

ער זאָל קומען צו די סנהדרין שטיין צום געריכט, וואָרנענדיק די לעצי-טע גלייכצייטיק, אַז זיי זאָלן דעם קעניג נישט נושא פנים זיין. דער קעניג איז געקומען און האָט זיך געזעצט. „קעניג ינאי", האָט זיי ס-גערופן שמעון בן שטח, „שטעל זיך און הער, וואָס די עדות האָבן צו זאָגן קעגן דיר". ינאי האָט זיך באַליידיקט און האָט געענטפערט: „אויב די איבעריקע ריכטער וועלן עס מיר אויך הייסן טון, וועל איך עס טון". און ער האָט זיך געקערט צו דער רעכטער זייט, האָבן זיי געשוויגן; האָט ער זיך געקערט צו דער לינקער זייט, האָבן זיי אויך געשוויגן. ר׳ שמעון בן שטח האָט דאַן געשאָלטן די ריכטער פאַר זייער פּחדנות (סנהדרין, י״ט).

פון דיביידע מעשיות איז אַרויסצוזעען, אַז די פּרושים האָבן זיך געהאַלטן שטאַרק אָן דעם כּלל, אַז אַלע, דער גרעסטער ווי דער קלענסטער, דאַרפן זיין גלייך פאַרן געזעץ.

דער דאָזיקער דעמאָקראַטישער גייסט פון די פּרושים האָט עס זיי אַזוי באַליבט געמאַכט ביים פאָלק, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט זייער פיל צו ליידן פון זייערע משונהדיקע חומרות. די פּרושים האָבן געקעמפט פאַר דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט פאַר דעם געזעץ, אפילו ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם נשיא און כּהן גדול. זיי האָבן נישט געוואָלט צוגעבן, אַז דער הערשער זאָל האָבן מער פּריווילעגיעס ווי אַ געוויינלעכער בשר ודם. דאָס פאָלק האָט אינסטינק-טיוו געפילט, אַז די פּרושים זענען זיינע פריינט, די פאַרטיידיקער פון זיינע רעכט, און עס האָט זיי דעריבער מוחל געווען די חומרות, די אַלע שוועריקייטן, וואָס זיי האָבן אויף אים אַרויפגעלייגט. אַזוי שנעל דעריבער, ווי די חשמונאים-פאַמיליע האָט זיך פאַראייניקט מיט די צדוקים און האָט אָפּגעשאַפט די איינריכטונגען פון די פּרושים, האָט זי, די פאַמיליע, אַלץ מער און מער פאַרלוירן דעם אָנזעען אין די אויגן פון פאָלק.

* *
*

אין זייער פילאָזאָפיע און מאָראַל: דער יסוד, אויף וועלכן די צדוקים האָבן באַגרינדעט זייערע מיינונגס-פאַרשידנהייטן, איז באַשטאַנען אין דעם, אַז אַלע אַנדערע שריפטן און טראַדיציעס אויסער די געשריבענע תורה פון משהן זענען נישט היי-

ליק און פארפליכטענד. דערפאר איז די געווען אזוי לייכט זיך צופ־צוזאגן פון דער פאמיליע דוד און פון א צוקונפטיקער גאולה, וועגן וועלכער עס ווערט אין דער תורת משה גארנישט גערעדט. צוליב דער זעלבער סיבה האבן זיי אויך לייכט געקאנט אפלייקענען אין א לעבן נאכן טויט און אין תחית המתים, וועלכע ווערן אין דער תורה גארנישט דערמאנט.

די פרושים זענען דעריבער געצוואונגען געווארן ארייננצופשטלען די אלע אמונות אין די ווערטער פון דער תורה גופא. מען געפינט גאנץ אפט אין דעם תלמוד די פראגע פון א צדוקי „מנין לתחית המתים מן התורה?" — וואו שטייט אין דער תורה, אז די טויטע וועלן לע־בעדיק ווערן, אדער „אמריתו דשכבי חיי" — א י ר זאגט, אז די טויטע ווערן לעבעדיק, און באלד דערויף געפינט זיך א פשטל אדער א קל וחומר, וועלכער פרווט באווייזן, אז תחית המתים איז יא דער־מאנט אין דער תורה. דאס זעלבע איז אויך מיטן דערווארטעטן משיח, וועלכער ווערט ארייגעפשטלט אין דער ברכה פון יעקב צו יהודהן.

אז די צדוקים האבן פון די אלע אמונות נישט געהאלטן, געפינט מען אויך ביי יאזעפוסן און אין נייעם טעסטאמענט. אזוי, צום ביישפיל, דערציילט דער שליח פאול, אז ער האט זיך ארויסגעדרייט פון די סנהדרין נאר דורך דעם, וואס ער האט געטענהט, אז ער איז א פרוש און גלייבט אין תחית המתים, און דעריבער האט ישוע געקאנט לעבע־דיק ווערן נאכן קרייציקן (מפעלות השליחים, כ"ג).

דער צדוקישער בליק איבער „השארת הנפש" געפינט זיך פאר־בלאנדזשעט אין מאנכע שטעלן פון דעם תלמוד ווי, צום ביישפיל, „שנגא, חטוף ואכול, חוטף ושתי דעלמא דאזלינן מיניה כהילולא דמי" — יונגערמאן, כאפ און עס, כאפ און טרינק, וואָרים די וועלט, פון וועלכער מיר גייען, איז געגליכן צו א חתונה. אדער: „בני, אם יש לך, היטב לך; שאין בשאול תענוג ואין למות התמהמה; ואם תאמר אניה לבני חוק, בשאול מי יגיד לך? בני האדם דומים לעשבי השדה, הללו נוצצין והללו נובלין" — ד. ה., מיין קינד, אויב זיי האסט, איז דיר גוט; דער טויט קומט זיכער און אין קבר איז קיין פארגעניגן נישטא, און טאמער ווילסטו עס לאזן פאר דייגע קינדער, וואס וועט עס דיר העלפן אין קבר. די מענטשן זענען ווי גראז, די בליען און די וועלקן (עירובין, נ"ד).

צום קלאָרסטן געפינט זיך עס אָבער אין קהלת, וועלכער איז, לויט גרעטץ און האופט, לכתחלה פאַרפאַסט געוואָרן פון א צדוקי, און ערשט שפעטער געענדערט געוואָרן: „דאָס, וואָס טרעפט דעם מענטש און דאָס, וואָס טרעפט די בהמה, איז איינס: ביידע שטאַרבן זיי און איין „גייסט" האָבן זיי אַלע. עס איז נישטאָ קיין יחוס פון דעם מענטש איבער דער בהמה — אַלץ איז נאַריש. אַלץ גייט אין איין פּלאַץ; אַלץ קומט פון דער ערד און אַלץ גייט צוריק אין דער ערד. ווער ווייסט, צי דער מענטשלעכער „גייסט" גייט אין דער הייך און דער „גייסט" פון דער בהמה גייט אַראָפּ אונטן אין דער ערד?"

זייערע בליקן איבער שכר ועונש איז אויך צום שאַרפסטן אויסגעדריקט אין קהלת: „א לעבעדיקן הונט איז בעסער ווי א טויטן לייב. אמת, די לעבעדיקע ווייסן, אַז זיי וועלן שטאַרבן, אָבער די טויטע ווייסן דאָך גאָרנישט; זיי האָבן שוין נישט אויף וואָס צו וואַרטן; זיי זענען שוין לאַנג פאַרגעסן, זייער ליבע, זייער האַס, זייער קנאה איז לאַנג פאַרלוירן; זיי נעמען מער קיינמאָל קיין אָנטייל אין אַלץ וואָס פּאַסירט אונטער דער זון... אַלץ, וואָס דו קאָנסט טון מיט דיין קראַפט, זאָלסטו טון, וואָרים אין גרוב, וואוהין דו גייסט, איז נישטאָ קיין טועכץ, קיין רעכנונג, קיין וויסן און קיין חכמה".

די מאָראַל פון די צדוקים איז אַלזאָ געווען א ריין עפּיקורעאישע: אַרויסצונעמען פון לעבן וואָס מער פאַרגעניגנס. די תורה איז נאָר געגעבן געוואָרן, כדי די מענטשן זאָלן קאָנען לעבן גליקלעך, רויק און צופרידן אויף ד ע ר וועלט. און אויך דאָ האָבן די צדוקים געהאַט די תורה אויף זייער זייט, וועלכע זאָגט צו נאָר עולם הזהדיק גוטס, ווי, לאַנגע יאָרן, גערעטעניש און פרידן — פאַר גוטע מעשים. די צדוקים פלעגן דעריבער לאַכן פון די פרושים, „וועלכע האָבן צרות אויף ד ע ר וועלט, כדי זיי זאָלן גאָרנישט קריגן אויף י ע נ ע ר וועלט", און אַליין פלעגן זיי לעבן א גוטן טאָג און זיך „באַנוצן מיט גאָלדענע און זילבערנע כלים" (אבות דרבי נתן, פרק ה').

דידאָזיקע עפּיקורעאישע מאָראַל איז אָבער לויט איר נאַטור נאָך נאָר אַן אַריסטאָקראַטישע. זי קאָן נאָר גילטן פאַר די רייכע און פאַר די זאַטע. די מאַסן, דער גרויסער רוב פון פאָלק האָט סיי-ווי-סיי נאָר צרות און דחקות און יסורים אויף ד ע ר וועלט. פאַר די פאָלקס-מאַסן איז די הבטחה פון דער תורה צו זיין גליקלעך אויף דער וועלט גע-

װען אַ מין חוזק מאַכן. מען האָט דעריבער געמוזט די אײנפאַכע פסוקים פון דער תורה דערקלערן אַזױ, אַז זײ זאָלן זיך פּאַסן אױף אַ יענער װעלט „למען ייטב לך לעולם שכולו טוב" — ד. ה. כּדי עס זאָל דיר גוט זײן, מײנט עס, אױף דער װעלט, װאָס איז דורכאױס גוט. מען האָט געמוזט באַשאַפן, עס האָט זיך שױן אַלײן באַשאַפן, אַ יענע װעלט מיט אַ לעבן נאָכן טױט, װאו דער צדיק װערט באַלױנט און דער רשע באַשטראָפט. נאָר דאָס אַלײן האָט געקאָנט זײן אַ גענוגנדע תשובה צו דער אײביקער, גרױסער שאלה פון „צדיק ורע לו, רשע וטוב לו" — פאַרװאָס לעבט זיך דעם שלעכטן אַזױ גוט, בעת דער צדיק לײדט אַזױ פיל. די דאָזיקע פראַגע האָט שױן לאַנג צוריק נישט געלאָזט רוען די מוחות פון די נביאים, װי חבקוק און ירמיהו; זי װערט אױך באַהאַנדלט אין איוב. די תורה, לױט װי די צדוקים האָבן זי פאַרשטאַנען, ד. ה., לױט דעם פּראָסטן פּשט, האָט אױף דעם קײן ענטפער נישט געגעבן.

* *

*

אין די רעליגיעזע צערעמאָניעס: די צדוקים האָבן געהאַט אײן װיכטיקע אױפגאַבע פאַר זײערע אױגן, און זי איז געװען: צו דערהעכערן דעם אָנזען און דעם יחוס פון דעם כּהונה-שטאַנד. זײ האָבן דעריבער געזען, אַז דער פּראָסטער עולם זאָל װאָס װײניקער אָנטײל נעמען אין די פאַרשידענע רעליגיעזע צערעמאָניעס. װעגן דעם, אַז זײ האָבן באַהױפּטעט, דאָס פיל פון די דינים פון טומאה זענען נאָר געזאָגט געװאָרן פאַר די כּהנים. האָבן מיר שױן גערעדט. מיר װעלן דאָ נאָר ברענגען אײניקע בײשפּילן, פון װעלכע מען קאָן לײכט אַרױסזען זײער כּװנה:

1) זײ האָבן נישט אָנערקענט דעם מנהג פון „נסוך המים" און „חבוט הערבה", אין װעלכע דאָס גאַנצע פאָלק האָט אָנטײל גענומען. בײם פאָלק איז דער ערשטער מנהג געװען אַזױ טײער, אַז עס איז שיער נישט געקומען צו אַ רעװאָלוציע, װען דער קעניג ינאי האָט דעם מנהג מבזה געװען.

2) דעם „קרבן תמיד" האָט מען, לױט דער מײנונג פון די צדוקים, געקאָנט קױפן פון די נדבות פון די יחידים, בעת די פרושים האָבן געלערנט, אַז דאָס געלט אױף דעם דאַרף גענומען װערן פון דעם אוצר פון דעם בית המקדש. די צדוקים האָבן פּשוט עס געװאָלט, אַז

בען זאָל נישט רירן די געלטער פון דעם אוצר פון בית המקדש; זיי האָבן געוואָלט האָבן אַ נייע הכנסה פאַר די כהנים.

3) אַרום דער „פרה האדומה" האָבן זיך, לויט די לערעס פון די צדוקים, געדאַרפט באַשעפטיקן נאָר די כהנים. וועלכע זענען אַלס קלאַס מער הייליק. דאַקעגן האָבן די פרושים געלערנט, אַז אויך אַ נישט-כהן, אַ „זר", מעג זיך באַשעפטיקן ביים פאַרברענען און צונויפמענקליבן דאָס אַש.

4) די צדוקים האָבן געלערנט. אַז די „מנחה", וואָס ווערט גע־בראַכט מיטן קרבן, געהערט צו די כהנים; די פרושים האָבן דאַקעגן באַהויפּטעט, אַז מען דאַרף זי פאַרברענען.

* *

*

אין קרימינאַל- און ציוויל-געזעצן: די צדוקים האָבן געהאַט אַ „ספר גזרתא", אַ מין געזעץ-בוך, לויט וועלכן זיי פלעגן פסקענען אַלע קרימינעלע פאַרברעכנס. די פרושים האָבן אַזאַ געשריבן געזעץ-בוך נישט אָנערקענט. זיי פלעגן זייערע פסקים אָנהענגען אָן דער תורה און באַהאַנדלען יעדן פאַל באַזונדער. די שטראָפן פון די צדוקים האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט האַרטקייט און ברוטאַליטעט, בעת די פרושים זענען געווען זייער מילד אין דער באַציונג. דאָסדאָזיקע „ספר גזרתא" פון די צדוקים איז פאַרברענט געוואָרן, ווען די פרושים האָבן צוריקגעקריגן די מאַכט. דאָס פאָלק האָט יענעם טאָג, ווען דאָס האָט פּאַסירט, געמאַכט אַ יום-טוב. די צדוקים האָבן נישט אָנערקענט די „תורת זקנים" און האָבן דעריבער זיך פעסט געהאַלטן אָן די פרימיטיווע געזעצן פון תורת משה. זיי האָבן דעריבער געלערנט, אַז „עין תחת עין" מיינט טאַקע אַן אויג פאַר אַן אויג, און דאָס זעלבע אויך וועגן די אַנדערע ענלעכע געזעצן.

זייער האַלטונג צו די שקלאַפן איז געווען אַ פיל ערגערע ווי די דאָזיקע פון די פרושים. די צדוקים האָבן געשטעלט די שקלאַפן אויף דער מדרגה פון בהמות, ווי דאָס האָבן געטון די גריכן. זיי האָבן דעריבער געלערנט, אַז דער באַלעבאָס דאַרף באַצאָלן פאַר דעם שאָדן, וואָס דער שקלאַף טוט, פּונקט ווי ער דאַרף צאָלן פאַר דעם שאָדן, וואָס זיין בהמה טוט. די פרושים זענען געווען קעגן דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט.

מען קאָן דאָ ברענגען נאָך מער ביישפּילן פון די מיינונגס-פאַרשידנהייטן צווישן די צדוקים און די פּרושים אויף אַלע געביטן פון לעבן, אָבער דידאַקטיקע זענען גענוג, אַז דער לעזער זאָל קריגן אַ מער אָדער ווייניקער קלאָרן באַגריף וועגן יענע בײדע פּאַרטייען און זייער טעטיקייט. דער עיקר איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס די צדוקים האָבן נישט אָנערקענט אַלס הייליק קיין אַנדערע שריפטן אויסער דער תורה, די פּרושים זענען דורך דעם געצוואונגען געוואָרן אַריינצופּשטלען זייערע אַלע נייע דינים און תקנות אין די ווערטער פון דער תורה.

ווי אַזוי זיי האָבן עס געטון, און וועלכע מעטאָדן זיי האָבן געברויכט, וועלן מיר זען אין פאָלגענדן קאַפּיטל.

IV.

# די מעטאָדן צו פאָרשן די תורה

עס איז שוין באַמערקט געוואָרן אין פריערדיקן קאַפּיטל, אַז דער קאַמף, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען קעגן די נייע איינריכטונגען, קעגן דער „תורת זקנים", האָט געבראַכט דערצו, וואָס מען האָט געזוכט אַריינצוברענגען די אַלע איינריכטונגען אין דעם זין פון די ווערטער פון דער תורה גופא. דורך דעם האָט מען געמיינט צו פאַרזיכערן און פאַרפעסטיקן דעם אָנזעען פון דער „תורה שבעל פה" נישט נאָר אין די אויגן פון פאָלק, נאָר אויך אין די אויגן פון אירע קעגנער.

כדי דעמדאָזיקן צוועק צו דערגרייכן, איז אָבער דער איינפאַכער זין פון דער תורה, דער פּראָסטער פשט אַליין, נישט געווען גענוג. עס איז נייטיק געוואָרן זיך צו גריבלען אין די ווערטער, אויסגעפינען זייער טיפערן מיין, אויספאָרשן די ווייטערע כוונה פון פסוק — דאָס האָט געהייסן „דרש", פאָרשונג. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז הגם מען האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט זוכן דעם טיפערן זין פון פסוק, איז פונדעסטוועגן נישט פאַרוואָרפן געוואָרן די אויבנשטיינלעכע באַדייטונג. דער כלל איז דעריבער: „הדרשה תדרש ואין המקרא יוצא מידי פשוטו" — זאָל די פאָרשונג פאַרגעזעצט ווערן, אָבער דער איינפאַכער זין פון דעם פסוק קאָן נישט געענדערט ווערן.

צוויי סאָרטן „דרש" געפינען זיך אין תלמוד: איינער הייסט „מדרש הלכה", די פאָרשונג פון געזעץ, און ווערט געברויכט, כדי צו באַגרינדן אָדער אַרויסצודרינגען אַ געוויס געזעץ (הלכה) פון פסוק. דער אַנדערער הייסט „מדרש אגדה" אָדער הגדה, און ווערט געברויכט, כדי אַרויסצונעמען טאַקע פון דעם זעלבן פסוק גופא אַ מוסר השכל, אַן עטישע לערע אָדער אַ נייעם געדאַנק.

די ביידע מינים דרשנים אָדער פאָרשער זענען ווייט נישט אַלע

מאָל געווען פריינדלעך צווישן זיך. די „בעלי הלכה" האָבן זיך באַטראַכט אַלס פיל העכער ווי די „בעלי האגדה" און האָבן געקוקט אויף די לעצטע מיט פאַראַכטונג. די בעלי האגדה פון זייער זייט ווידער האָבן נישט זעלטן געמאַכט חוזק פון די שטאָלצע „בעלי ההלכה" מיט זייערע ענדלאָזע געזעצן און פלפולים. זיי זענען געווען צוויי גאַנץ פאַרשידענע סאָרטן מענטשן מיט פאַרשידענע אויפגאַבן און צילן: טרוקענע יוריסטן פון איין זייט און באַגייסטערטע פאָעטן פון דער אַנדערער. און דאָך ווי פלאַדיק דאָס זאָל נישט אויסקומען, זענען די מעטאָדן, וועלכע זיי האָבן געברויכט אין זייערע „פאָרשונגען", געווען כמעט איינע און די זעלבע.

לעת עתה וועלן מיר זיך באַשעפטיקן נאָר מיט דעם מדרש הלכה.

די „מדות שהתורה נדרשת בהן", ד. ה., די מעטאָדן ווי די תורה ווערט געפאָרשט קאָנען איינגעטיילט ווערן אין צוויי הויפּטגרופּן:

1) אין ריין לאָגישע, וואו דאָס נייע געזעץ ווערט באַגרינדעט אויף ריין לאָגישע יסודות, און

2) אין שפּראַכלעכע, וואו דאָס נייע געזעץ ווערט באַגרינדעט אויף די אייגנטימלעכקייטן פון דער שפּראַך, אין וועלכער אַ באַשטימטער פּסוק איז געשריבן. אַן איבעריק וואָרט, אַן איבעריק אות, אַ געוויסער אויסדרוק, אַן איבערחזרונג און דערגלייכן איז גענוג, כדי אַרויסצודרינגען אַ ניי געזעץ אָדער נייע איינצלהייטן אין אַן אַלט געזעץ.

מאַנכע פון די מעטאָדן זענען שוין געווען באַקאַנט אין גאַנץ אַלטע צייטן. די יידישע געלערנטע זענען וואָרשיינלעך באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער אַריסטאָטעלישער לאָגיק, מיט וועלכער זיי האָבן זיך באַקענט. צווישן די עלטערע מעטאָדן געפינט זיך אויך דער „קל וחומר", וועלכן אפילו די צדוקים האָבן אָנערקענט (ידים, פרק ד׳, משנה ז׳). אַנדערע דאַקעגן זענען פּראָדוקטן פון אַ שפּעטערער צייט.

דער ערשטער, אין וועמענס נאָמען עס ווערט געגעבן אַ קלאַסיפיצירונג פון דידאַקטיקע „מדות" אָדער מעטאָדן, איז ה ל ל ה ז ק ן. ביז זיין צייט האָט מען זיך הויפּטזעכלעך געפירט לויט ווי די פאַרטייער פון די סנהדרין האָבן געהאַט בקבלה, טראַדיציאָנעל, פון זייערע

פאַרגענגער. די אַלע טראַדיציאָנעלע געזעצן און מנהגים זענען דעמאָלט געווען גוט באַקאַנט, און מען האָט זיך נישט געדאַרפט קליגן זיי צו באַגרינדן מיט אַלערליי שכלדיקע המצאות.

דאַן אָבער האָבן זיך אָנגעפאַנגען אומרויִקע צייטן אין דעם לאַנד יהודה. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די אומגליקלעכע מלחמה צווישן די צוויי חשמונאים ברידער יוחנן הורקנס און אריסטובול איבער דער מלוכה. דער רוימישער אַזלער איז גערופן געוואָרן אַלס דער ערלעכער פשרה־מאַכער מיט דעם רעזולטאַט, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט אויף אַלע מאָל פאַרלוירן זיין זעלבשטענדיקייט, פאַלנדיק ענדלעך אונטער דעם אייזערנעם יאָך פון די רוימער.

יענע שוידערלעכע, לאַנגע און בלוטיקע ברודער־מלחמה, אין וועלכער פיל טויזנטער יידן האָבן פאַרלוירן זייער לעבן און דאָס גאַנצע לאַנד איז שיער חרוב געוואָרן, האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס די גאַנצע חשמונאים־דינאַסטיע איז אונטערגעגאַנגען. די יידישע מלוכה איז אַריבער אין די הענט פון אַ פרעמדן; דער זון פון אַ געצוואונגענעם גר, אַן אדומי, הורדוס דער שרעקלעכער, אָדער דער גרויסער, איז געוואָרן דער יידישער קעניג.

דאָ איז נישט דער פּלאַץ צו געבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון דעמדאָזיקן הורדוס דעם גרויסן, וועלכער איז אין פיל הינזיכטן געווען ענלעך צום רוסישן צאַר איוואַן דעם גרויזאַמען. דאָס איז נאָר נייטיק צו באַמערקן, אַז דערדאָזיקער הורדוס האָט נישט ליב געהאַט צו מאַכן לאַנגע מחזקות מיט זיינע שונאים. נישט נאָר ער האָט געטויט אַלע חשמונאים, אפילו זיין אייגן ווייב, כדי עס זאָלן זיך נישט באַווייזן נייע פרעטענדענטן אויף דער מלוכה, נאָר ער האָט אויך דערמאָרדעט אַלע געלערנטע פון דעם סנהדרין. ער האָט זיי נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס לאַנג צוריק, ווען ער איז נאָך געווען גענעראַל אין גליל, האָבן זיי אים געוואָלט פאַראורטיילן צום טויט. ער האָט זיך מיט זיי אָפּגערעכנט אויפן שוידערלעכסטן אופן, ווע ער איז עולה לגדולה געוואָרן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ שרעקלעכע מהומה־צייט איז נישט געווען גינסטיק פאַר דער פאַרשונג פון דער תורה. די תלמידי חכמים זענען אויסגעהרגעט געוואָרן, דער אַנזעען פון דעם סנהדרין איז געפאַלן, פיל הלכות זענען פאַרגעסן געוואָרן, און עס האָט געהאַלטן, אַז

„די תורה זאָל פאַרגעסן ווערן", ווי דער תלמוד דריקט זיך אויס, „ביז הלל הזקן האָט זי צוריקגעבראַכט פון בבל".

ווען הלל הזקן האָט זיך צוריקגעקערט קיין ארץ ישראל, איז דאָס לאַנד שוין געווען מער אָדער ווייניקער באַרויקט. די פרושים, וועלכע האָבן הורדוסן קיינמאָל נישט אָנערקענט און אים שטענדיק גערופן „עבדא" (שקלאַף), האָבן זיך איינגאַנצן אָפּגערוקט פון פּאָליטישן לעבן און האָבן זיך באַגראָבן אין די פיר איילן פון הלכה. דיזאָזיקע טעטיקייט פון די פרושים האָט הורדוסן ווייניק געקימערט און ער האָט זיי דעריבער געלאָזט צורו. הלל הזקן איז גראָד געווען די פּאַסנדסטע פּערזאָן פאַר אַזאַ מין טעטיקייט. אַ רויקער, שטילער, גוטער מענטש, וועלכער האָט פיינט געהאַט זיך צו מישן אין פּאָליטיק; אַ מענטש, וועלכער האָט געזען דעם העכסטן ציל אין לעבן אין דער פּאַראייד עלערונג און פּאַרפּיינערונג פון דעם מענטש גופא; ווער עס האָט געהאַט נאָר איין־איינציקע אויפגאַבע — צו לערנען ליבע צום צווייטן, אָט אַזעלכער איז געווען הלל הזקן, אַ מין גראַף טאָלסטאָי פון יענע צייטן. פאַר אַזעלכע סאָרטן מענטשן שרעקן זיך די הערשער געוויינלעך נישט צו פיל... הורדוס האָט אים, ווי עס ווייזט אויס, געקאָנט פאַרטראָגן, און הלל הזקן איז געוואָרן דער נשיא.

* *

*

די מעטאָדן, וועלכע הלל הזקן, אַלס נשיא, האָט איינגעפירט אין דער פאָרשונג פון דער הלכה, ווערן דערמאָנט אין אבות דרבני נתן (פרק ל"ז). און זיי זענען זיבן אין צאָל. שפּעטער האָט ר׳ ישמעאל געמאַכט פון זיי דרייצען. די צוויי און דרייסיק מידות פון ר׳ אליעזר זענען געווען הוספות, וועלכע האָבן מער צו טון מיט דעם „מדרש אגדה".

די ערשטע מידה איז ק ל ו ח ו מ ר. ק ל מיינט לייכט; ח ו מ ר מיינט שווער, האַרב. דער געדאַנק דערפון איז, אַז פון אַ לייכטער זאַך קאָן מען לערנען אויף אַ שווערער. ד. ה., אויב די לייכטע זאַך איז פאַרבאָטן, מוז די האַרבערע זאַך אוודאי פאַרבאָטן זיין, אפילו ווען דער פאַרבאָט אויף דער לעצטער איז נישט דערמאָנט.

לאָמיר עס אילוסטרירן מיט אַ ביישפּיל: שבת ווערט באַטראַכט אַלס הייליקער ווי יום טוב. אַלצדינג דעריבער, וואָס איז פאַרבאָטן צו

טון אום יום-טוב, איז אוודאי פאַרבאָטן צו טון אום שבת. אין דעם פאַל איז דער יום-טוב דער ק ל (די לייכטערע זאַך) און שבת דער ח ו מ ר (די האַרבערע זאַך); אַז אַלצדינג, וואָס איז פאַרבאָטן צו טון אום יום-טוב, איז אוודאי פאַרבאָטן צו טון אום שבת, איז דער לאָגישער שלוס פון דער לייכטקייט פון יום-טוב און דער האַרבקייט פון שבת.

יעדער קל וחומר, ווי וועלכער ס'איז סילאָגיזם באַשטייט פון דריי טיילן: פון צוויי גרונטזאַצן אָדער הנחות און איין שלוס אָדער פועל-יוצא. אין אונזער געגעבענעם ביישפיל וועט זיין אַזוי:

א) ד י ע ר ש ט ע  ה נ ח ה: יום-טוב איז לייכטער אַלס שבת.

ב) ד י  צ וו י י ט ע  ה נ ח ה: אַ געוויסער פאַרבאָט איז גילטיק אויף יום-טוב.

ג) ד ע ר  פ ו ע ל - י ו צ א: דער פאַרבאָט מוז אוודאי זיין גילטיק אויף שבת.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אין יעדן סילאָגיזם קאָן דער פועל-יוצא נאָר דאַן זיין ריכטיק, ווען די הנחות זענען ריכטיקע; אויב די לעצטע זענען פאַלש, קאָן מען לאָגיש באַווייזן אַלע אוממעגלעכקייטן. דער חסרון וועט זיין נישט מיט דער לאָגיק, נאָר מיט די גרונטזאַצן, אויף וועלכע דער לאָגישער בנין איז אויסגעבויט.

דאָס זעלבע איז מיט אַ קל וחומר. עס מוז פריער זיין זיכער, אַז די ביידע זאַכן, וועגן וועלכע עס ווערט גערעדט, שטייען איינע צו דער אַנדערער אין דער באַציונג פון גרינגערן צום האַרבערן. ווען, למשל, אין אונזער ביישפיל פון יום-טוב און שבת וואָלט געקאָנט באַוויזן ווערן, אַז אין איין אָדער מערערע פונקטן איז יום-טוב האַרבער אַלס שבת, ווערט דער גאַנצער קל וחומר פאַרוואָרפן. וואָרים קוים איז מעגלעך, אַז יום-טוב איז האַרבער אין איין פונקט, קאָן ער דאָך אויך זיין האַרבער אין אַ צווייטן פונקט. ווען אַ קל וחומר ווערט אויף אַזאַ אופן פאַרוואָרפן איז עס באַקאַנט אין תלמוד מיט דעם טעכנישן נאָמען „פרכא דדינא".

אין תלמוד געפינען זיך זייער אָפט גאַנץ ווילדע קל והומרס, וועלכע ווערן אָבער טאַקע באַלד דאָרטן גופא פאַרוואָרפן, ווייל די הנחות ווערן באַוויזן צו זיין נישט ריכטיק. אין די פלפולים, וואָס קומען דערביי פאָר, ווייזט זיך אָפט אַרויס זייער פיל לאָגישער שאַרפזין.

די תלמודיסטן האָבן גאַנץ גוט איינגעזען די מעגלעכקייט פון אַלערליי סאָפיסטישע קל וחומרס און האָבן דעריבער באַגרענעצט די באַדייטונג פון דערדאָזיקער מעטאָדע אין באַצוג צו די אַרויסגעדרונגענע געזעצן. די באַגרענעצונגען זענען דריי:

1) „דיו לבא מן הדין להיות כנדון" — דאָס אַרויסגעדרונגענע געזעץ דאַרף נישט זיין האַרבער אויף דער האַרבערער זאַך, ווי עס איז דאָס אָריגינעלע געזעץ אויף דער לייכטערער. אין אונזער געגעבענעם ביישפּיל פון יום-טוב און שבת קאָן דער פאַרבאָט אויף שבת נישט זיין שטאַרקער, ווי עס איז דער פאַרבאָט אויף יום-טוב.

2) „אין עונשין מן הדין" — פון אַ קל וחומר קאָן מען נ ר אַרויסדר...ען אַ פאַרבאָט (אַן איסור), אָבער נישט קיין באַשטראָפונג.

3) „אין דנין קל וחומר מהלכה" — פון אַ טראַדיציאָנעל געזעץ קאָן מען דורך אַ קל וחומר נישט אַרויסדרינגען קיין ניי געזעץ.

די צווייטע מידה איז ג ז ר ה ש ו ה. די ווערטלעכע איבערזעצונג פון גזרה שוה וועט זיין אַ „גלייכער טייל" אָדער אַ „גלייכער באַשלוס". דידאָזיקע מעטאָדע באַשטייט אין דער אַנאַלאָגיע פון גלייכע אויסדריקן אין פאַרשידענע פלעצער פון דער תורה. טעכניש ווערט דידאָזיקע מידה געברויכט אין תלמוד אויף צווייערליי אופנים: ערשטנס, צו דערקלערן אַ נישט-קלאָרן אויסדרוק אין דער תורה, אָן דערביי אַרויסצוברענגען אַ ניי געזעץ; און צווייטנ:, עס ווערן פאַרגליכן צוויי פאַרשידענע געזעצן אין דער תורה, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך דעם זעלבן אויסדרוק, כדי די אַלע איינצלהייטן, וואָס ווערן געזאָגט וועגן איינעם, זאָלן אויך גילטן אויף דעם צווייטן.

דער ערשטער אופן הייסט „למוד סתום מן המפורש" — מען לערנט דאָס אומבאַוואוסטע פון דעם באַוואוסטן. אין דער תורה, צום ביישפּיל, שטייט געשריבן: איר זאָלט פייניקן אייערע לייבער אום יום-כפור (תענו את נפשותיכם). די פראַגע איז, וואָס מיינט דאָס וואָרט „תענו"? מיט וואָס זאָל מען די לייבער פייניקן? נו, געפינט זיך אַ פסוק, וואו עס שטייט געשריבן „ויענך וירעיבך" — און ער האָט דיך געפייניקט און געהונגערט. אין יענעם פסוק איז קלאָר, אַז „ויענך"

הייסט הונגערן. דאָס וואָרט „תענו״ אַלזאָ, וואָס שטייט ביי יום־כפור, מיינט דעריבער אויך הונגערן: יום־כפור אַלזאָ טאָר מען נישט עסן*).

דער אַנדערער אופן פון „גזרה שוה״ קאָן צום בעסטן אילוסטרירט ווערן מיט פאָלגנדער מעשה, וואָס געפינט זיך אין תלמוד (פסחים, ס״ו): עס האָט געטראָפן, אַז פסח איז אויסגעפאַלן אום שבת. די „בני בתירא״, וועלכע זענען דעמאָלט געווען די נשיאים, האָבן נישט געוואוסט די הלכה, צי מען מעג מקריב זיין דעם קרבן־פסח אום שבת אָדער נישט. הלל הזקן, וועלכער איז דעמאָלט אָנגעקומען פון בבל, האָט געפסקנט, אַז מען מעג דורך דער פאָלגנדער „גזרה שוה״:

„נאמר מ ו ע ד ו בפסח ונאמר מ ו ע ד ו ב ת מ י ד
מה מועדו האמור בתמיד דוחה את השבת
אף מועדו האמור בפסח דוחה את השבת״.

ד. ה., עס שטייט, מען זאָל שעכטן דעם קרבן־פסח א י ן ד ע ר צ יי ט, און עס שטייט אויך, אַז מען זאָל שעכטן דעם קרבן־תמיד א י ן ד ע ר צ יי ט; אַזוי ווי ד׳ער „אין דער צייט״, וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביים קרבן־תמיד, איז דוחה שבת, אַזוי איז אויך דער „אין דער צייט״ פון קרבן־פסח דוחה שבת.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע אַנאַלאָגיעס פון אויסדריקן האָט געקאָנט זייער אָפט מיסגעברויכט ווערן, און די תלמודיסטן האָבן דע־ריבער געפונען פאַר נייטיק צו באַגרענעצן דעם געברויך פון דער גזרה שוה אויף די פאָלגנדע וועגן:

1) כדי צו מאַכן אַ גזרה שוה, מוז לכל־הפחות איינער פון די גלייכע אויסדריקן זיין איבעריק. דעמאָלט הייסט עס „מופנה מצד אחד״ — ליידיק פון איין זייט; ווען די ביידע אויסדריקן זענען איבעריק איז נאָך בעסער, און עס הייסט דעמאָלט אַ „מופנה משני צדדים״.

2) „אין אדם דן גזרה שוה מעצמו״ — קיינער האָט קיין רעכט נישט אַרויסצודרינגען אַ דין פון אַן אייגענער גזרה שוה; זי דאַרף

---

*) אָט איז די תלמודישע פאָרמולע וועגן דעמדאָזיקן ענין:
„נאמר כאן תענו את נפשותיכם,
ונאמר להלן ויענך וירעיבך,
מה להלן עניו רעבון,
אף עניו שנאמר כאן — עניו רעבון״ (יומא ע״ד).

זיין באַקאַנט און איבערגעגעבן בקבלה פון די פריערדיקע דורות.

די דריטע מידה איז בנין אָב. די ווערטלעכע איבערזעצונג וועט זיין „דער געבוי פון אַ הויפּט-געזעץ", אַ גענעראַליזאַציע. דער געדאַנק דערפון איז, אַז אַ געוויס ספּעציעל געזעץ ווערט געמאַכט אין אַ הויפּט-געזעץ, ד. ה., עס ווערט גענעראַליזירט, כדי עס זאָל אויך גילטיק זיין אויף אַלע ענלעכע פאַלן. דערצו איז נאָר נייטיק, אַז מען זאָל אויסגעפינען די באַגרינדונג פון דעם ספּעציעלן געזעץ; און אויב די זעלבע באַגרינדונג קאָן אויך זיין גילטיק אויף אַנדערע פאַלן, ווערט דאָס זעלבע געזעץ געלייגט אויף יענע אַלע פאַלן.

לאָמיר נעמען אַ ביישפּיל:

אין דער תורה שטייט געשריבן, אויב איינער וועט גיין מיט זיין חבר אין וואַלד האַקן האָלץ און די האַק וועט אַרויספאַלן פון זיין האַנט און טרעפן דעם חבר, וועלכער וועט דערפון שטאַרבן, דאַרף דער מערדער אַנטלויפן אין די ערי-מקלט, ווייל ער האָט עס געטון אומ-גערן. די תלמודיסטן האָבן פון דעם געזעץ געמאַכט אַ בנין-אב און האָבן אויסגערעכנט פיל ענלעכע פאַלן, וואו דער אומגערנדיקער מער-דער דאַרף אַנטלויפן (זע: מכות, אלו הן הגולין). אַנאַליזירנדיק דאָס געזעץ אין דער תורה, זענען די תלמודיסטן געקומען צום שלוס, אַז דער אומגערנדיקער מערדער דאַרף נאָר דאַן אַנטלויפן אין די ערי-מקלט, ווען דער מאָרד האָט פּאַסירט אין אַן עפנטלעכן פּלאַץ, אין אַ פּלאַץ, וואו דער דערמאָרדעטער האָט געהאַט אַ רעכט אַריינצוגיין, און דער מערדער האָט געדאַרפט זיין פאָרזיכטיק. ווען אָבער דער אומ-גערנדער מאָרד האָט געטראָפן אין דעם רשות פון דעם מערדער, איז ער אינגאַנצן אומשולדיק, ווייל ער האָט דאָך נישט געקאָנט דערוואַרטן ביי זיך אַ פרעמדן מענטש. אָט איז די תלמודישע פאָרמולע:

„מה היער רשות לניזק ולמזיק לכנס לשם

אף כל רשות לניזק ולמזיק לכנס שם

יצא חצר בעל הבית שאין רשות לניזק לכנס שם".

ד. ה., אַזוי ווי דער וואַלד (וועלכן די תורה ספּעציפיצירט) איז אַ פּלאַץ, וואו סיי דער געשעדיקטער און סיי דער שעדיקער מעגן אַריינקומען, אַזוי איז אויך יעדער פּלאַץ, וואו סיי דער געשעדיקטער און סיי דער שעדיקער מעגן אַריינקומען (דאַרף דער אומגערנדיקער מערדער אַנט-לויפן אין די ערי-מקלט); אַרויסגענומען פון דעם כלל זענען אָבער

יענע פּלעצער, וואו דער באַשעדיקטער קאָן נישט אַריינקומען, דאָרטן איז דער אומגערנדער מערדער אינגאַנצן פריי.

אין דעם געגעבענעם ביישפּיל ווערט געמאַכט דער בנין-אב פון איין פסוק, און ער הייסט דעריבער „בנין-אב מכתוב אחד”. אַ בנין-אב קאָן אָבער אויך געמאַכט ווערן פון צוויי פסוקים, ד. ה., צוויי איינצלנע געזעצן קאָנען אויך ווערן גענעראַליזירט. דאָס איז באַקאַנט אַלס די פערטע מידה און רופט זיך: „ב נ י ן - א ב מ ש נ י כ ת ו ב י ם, אַ גענעראַליזאַציע פון צוויי פסוקים.

ווען אַ בנין-אב ווערט געמאַכט פון צוויי פסוקים, ווערט פריער באַוויזן מיט וואָס זיי אונטערשיידן זיך איינער פון דעם אַנדערן; דאַן ווערן באַוויזן די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן, וועלכע זיי ביידע באַזיצן. דיזאָזיקע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן זענען עס די סיבות פאַרוואָס אַ געוויס געזעץ איז גילטיק פאַר זיי ביידע גלייך. דער פועל-יוצא דערפון וועט זיין, אַז די אַלע פאַלן, וועלכע באַזיצן די זעלביקע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן, באַלאַנגען צו דער זעלבער קאַטעגאָריע, און דאָס געגעבענע געזעץ איז דעריבער אויך גילטיק פאַר זיי.

די תּלמודישע פאָרמולע איז דאַן:

„לא הרי זה כהרי זה ולא הרי זה כהרי זה.

הצד השוה שבהן — — —

אף כל — — —

דאָס הייסט, ד ע ר איז נישט גלייך צו י ע נ ע ם, און י ע נ ע ר איז נישט גלייך צו דעם; ביידע אָבער האָבן פאָלגנדע אייגנשאַפטן — פאָלגלעך, אַלע פאַלן, וואָס האָבן די זעלבע אייגנשאַפטן — — — און אַזוי ווייטער.

די פינפטע מידה איז „כלל ופרט” און „פרט וכלל”. „כלל” מיינט אַ גענעראַליזאַציע; „פרט” מיינט ספּעציפיצירונג. אַ געזעץ איז געשריבן בדרך כלל, ווען עס האָט אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער און איז גילטיק אויף פיל ענלעכע פאַלן; אַ געזעץ דאַקעגן איז געשריבן בדרך פרט, ווען עס איז גילטיק נאָר אויף איין געגעבענעם פאַל.

אין דער תּורה געפינען זיך פיל געזעצן, וועלכע פאַנגען זיך אָן מיט אַ כלל און ענדיקן זיך מיט פרטים, מיט איינצלנע פאַלן; עס געפינען זיך אויך אַזעלכע געזעצן, וואָס פאַנגען זיך אָן מיט פרטים, מיט איינצלנע פאַלן, און ענדיקן זיך מיט אַ כלל, מיט אַ גענעראַליזאַציע. די ערשטע פאָרמע הייסט כלל ופרט — פריער קומט דער כלל און

דערנאָך דער פּרט; די אַנדערע פאָרמע הייסט פּרט וכלל — פריער קומט דער פּרט און דערנאָך דער כּלל.

די תּלמודיסטן נעמען אָן, אַז איבעראַל, וואו דאָס געזעץ פאַנגט זיך אָן מיט אַ „כּלל" און ענדיקט זיך מיט אַ „פּרט", איז די כּוונה פון דעם געזעצגעבער צו באַגרענעצן דאָס געזעץ, אַז עס זאָל נאָר זיין גילטיק אויף דעם פּרט. אויפן תּלמודישן לשון הייסט עס: „כּלל ופרט — אין בכלל אלא מה שבפרט".

פאָלגנדער ביישפּיל וועט עס דערקלערן:

אין דער תּורה שטייט געשריבן: „אַ מענטש פון אייך, ווען ער וועט וועלן ברענגען צו גאָט אַ קרבן פון בהמות, זאָל ער פון רינדער און שאָף ברענגען זיין קרבן". ווען די תּורה זאָגט „בהמות" איז עס אַ „כּלל" — אַלע סאָרטן בהמות; ווען זי זאָגט ווידער „רינדער און שאָף", איז עס אַ פּרט, עס ווערט ספּעציפיצירט, וועלכע סאָרטן מען מיינט מיט דעם וואָרט בהמות. די תּלמודיסטן קומען דעריבער צום שלוס „בקר וצאן אמרתי לך ולא חיה" — נאָר רינדער און שאָף מעגסטו ברענגען אַ קרבן, אָבער נישט קיין אַנדערע חיות*).

ווען דאָס געזעץ פאַנגט זיך אָן מיט אַ „פּרט" און ענדיקט זיך מיט אַ „כּלל" נעמען דאַקעגן די תּלמודיסטן אָן, אַז די כּוונה פון דעם געזעצגעבער איז געווען צו גענעראַליזירן, פאַראַלגעמיינען דאָס געזעץ. דאָס געזעץ איז דעמאָלט גילטיק נישט נאָר אויף דעם פּרט, נאָר אויף אַלץ, וואָס קאָן אַריינקומען אין דעם כּלל. אין דעם פאַל איז דער פּרט נאָר אַ ביישפּיל. אויף דעם תּלמודישן לשון וועט עס הייסן „פּרט וכלל — נעשה הכלל מוסיף על הפרט ומרבינן הכל".

פאָלגנדעס איז אַ ביישפּיל פון פּרט וכלל:

אין דער תּורה שטייט געשריבן: „און אַזוי זאָלסטו טון צו זיין אייזל, און אַזוי זאָלסטו טון צו זיין קלייד, און אַזוי זאָלסטו טון צו אַלץ, וואָס וועט ביי דיין ברודער גיין פאַרלוירן". ווען די תּורה רעדט וועגן אַן אייזל אָדער אַ קלייד איז עס אַ פּרט; ווען זי זאָגט ווייטער „צו אַלץ, וואָס וועט ביי דיין ברודער גיין פאַרלוירן", איז עס שוין אַ כּלל. די תּלמודיסטן באַהויפּטן דעריבער, אַז מען דאַרף אומקערן צום אייגנטימער נישט נאָר אַ פאַרלוירן אייזל אָדער אַ פאַרלוירן

*) דאָס וואָרט „בהמה" אין העברעיש לייגט זיך אויך אויף חיות.

קלייד, נאָר אפילו וועלכע ס'איז אַנדערע זאַך (זע בבא מציעא, כ"ז, אין דער משנה).

די זעקסטע מידה הייסט „כיוצא בו במקום אחר". די ווערטלעכע איבערזעצונג דערפון איז „ענלעכס דערצו אין אַן אַנדער אָרט", און דאָס מיינט, אַז אַ געוויסער פסוק ווערט דערקלערט דורך דעם, וואָס אין אַן אַנדער אָרט געפינט זיך ענלעכס צו אים, וואו די כוונה קומט אַרויס קלערער.

די זיבעטע מידה איז „דבר הלמד מענינו", אַ זאַך, וואָס מען לערנט פון זיין ענין. ווען אַ וואָרט אָדער אַן אויסדרוק אין אַ געוויסן פסוק איז נישט אינגאַנצן קלאָר, דאַרף מען אים פאַרשטיין נאָכן סדר פון דעם ענין וועגן וואָס עס רעדט זיך.

* * *

הלל הזקנס זיבן מידות זענען די גרונט-מעטאָדן, וועלכע ווערן געברויכט אין תלמוד צו דערפאָרשן און באַגרינדן די נייע געזעצן. אויף דעם יסוד פון דידאָזיקע מידות האָט ר' ישמעאל אויסגעאַרבעט די באַקאַנטע „שלש עשרה מדות שהתורה נדרשת בהן" (די דרייצן מעטאָדן ווי די תורה ווערט אויסגעפאָרשט). דער אונטערשיד איז אַ גאַנץ קליינער, ביי ר' ישמעאלן זענען נאָר דאָ עטלעכע וואַריאַציעס אויף דער מידה פון כלל ופרט.

די צוויי און דרייסיק מידות פון ר' אליעזר זענען, ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן פריער, הויפּטזעכלעך גילטיק פאַר דער אגדה, אָבער אויך זיי אַנטהאַלטן אין זיך די דרייצן מידות פון ר' ישמעאל.

אויסער די געפינען זיך אויך אַנדערע מעטאָדן, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן שפּעטער. די מייסטע פון יענע זענען ריין שפּראַכלעכע: געוויסע ווערטער, ווי צום ביישפּיל, „רק" (נאָר), „גם" (אויך), „את" (מיט), וועלכע זענען אין תוך גענומען נאָר ביי-ווערטער און קאָנען נישט האָבן קיין ספּעציעלן מיין, ווערן דערנאָך פון מאַנכע תלמודיסטן באַנוצט, כדי אַרויסצודרינגען נייע געזעצן. מיט דער מעטאָדע האָט זיך הויפּטזעכלעך באַנוצט ר' עקיבא. זיי זענען אָבער בשום אופן נישט פאַרפליכטנד פאַר אַלעמען, און מאַנכע תלמודיסטן ווילן זיי נישט אָנער-קענען, טענהנדיק, אַז „דברה תורה כלשון בני אדם" — די תורה דריקט זיך אויס ווי מענטשן רעדן.

מיין כוונה איז נישט געווען דאָ צו געבן אַ פולע אָפּהאַנדלונג וועגן די „מידות שהתורה נדרשת בהן". דאָס וואָלט אפשר געווען אינ־טערעסאַנט, אָבער דאָס איז אַ גאַנץ שווערער און ברייטער ענין. איך וויל אָבער האָפן, אַז מיר איז געלונגען צו געבן דעם לעזער אַ מער אָדער ווייניקער קלאָרן באַגריף וועגן די תּלמודישע מעטאָדן, וועלכע ווענען גאָרנישט אַזוי נאַריש, ווי עמעץ קאָן מיינען.

## V.

# שמאי און הלל און זייערע תלמידים

פארציייטנס, דערציילט דער תלמוד (סנהדרין פ״ח), זענען ביי יידן נישט פארגעקומען קיין סך מחלוקת. קיין גרויסע חלוקי־דעות בנוגע די ענינים פון געזעץ. אין יעדער שטאט האט זיך געפונען א סנהדרין פון דריי און צוואנציק, וואו אלע שאלות פלעגן ווערן פארענטפערט. אין פאל, ווען דער ארטיקער סנהדרין איז געווען אין ספק, פלעגט די שאלה ענדלעך ווערן פארגעבראכט פאר דעם גרויסן סנהדרין פון איין און זיבעציק, וועלכער איז געזעסן אין בית־המקדש (אין „לשכת הגזית״). דארטן פלעגט די פראגע ווערן אנטשידן לויט דעם פרינציפ פון מאיאריטעט: ווי דער רוב פון דעם גרויסן סנהדרין פלעגט פסקענען, אזוי פלעגט בלייבן דער דין. זינט עס האבן זיך אבער גענומען פארמערן די תלמידים פון שמאי און הלל, וועלכע האבן נישט געלערנט גענוג („שלא שמשו כל צרכם״), האבן זיך גענומען מערן די מחלוקת און די תורה איז געווארן ווי צוויי תורות.

דידאזיקע באהויפטונג פון תלמוד שטימט פולשטענדיק מיט די געשיכטלעכע פאקטן. עס איז אמת, אז די „תורה שבעל פה״ האט אלע מאל געהאט אירע שטארקע קעגנער, פריער די העלעניסטן און שפעטער די צדוקים; אבער דערפאר האט צווישן אירע אנהענגער און פארטיידיקער, צווישן די פרושים, געהערשט א פולשטענדיקע אייבשטימיקייט. שמאי און הלל זענען געווען די ערשטע צוויי פרושים, וועלכע האבן ארויסגעוויזן מיינונגס־פארשידנהייטן אין ענינים פון הלכה.

די מחלוקת און חלוקי־דעות צווישן שמאי און הלל גופא זענען, אמת, געווען זייער ווייניקע, איינגאנצן נאר וועגן פינף הלכות, און אויך די זענען געווען נישט פון גרויסער וויכטיקייט (זע דור דור ודורשיו, פרק י״ח). אבער די ערשטע שפאלטונג איז שוין דורך דעם פארגעקומען, און וואס ווייטער האבן זיך די מיינונגס־פארשידנהייטן אלץ

פאַרמערט, אַזוי, אַז ביי זייערע תּלמידים (בית שמאי ובית הלל) האָבן זיי דערגרייכט אַריבער דריי הונדערט (זע דאָרטן). זיי, די בית שמאי און בית הלל, האָבן דורך דעם אויף אייביק אַרויפגעלייגט זייער חתימה אויף דעם גאַנצן כאַראַקטער פון דעם תּלמוד. די שפּעטערע תּ נ א י ם און נאָך שפּעטער די א מ ו ר א י ם האָבן שוין נישט געוואוסט קלאָר די הלכות, און עס זענען פאָרגעקומען נייע אומענדלעכע חלוקי־דעות. דער תּלמוד איז דעריבער נישט געבליבן קיין ריין, קלאָר געזעץ־בוך; ער איז גיכער געוואָרן אַ מין זאַמל־ווערק, וואו עס ווערן דורכגעלופטערט און דורכגעפּלפּולט אַלערליי מיינונגען וועגן ענינים פון געזעץ, נישט קומענדיק דאָס רוב צו אַ באַשטימטן שלוס.

עס זענען געווען מערערע סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן די דאָזיקע שפּאַלטונג אין די רייען פון די פּרושים גופא. טייל פון זיי דאַרף מען זוכן אין דער סאָציאַל־פּאָליטישער לאַגע פון יענער צייט; אַנדערע ווידער — אין די פּערזענלעכקייטן פון שמאי און הלל גופא, וועלכע זענען אויף פאַרשידענע אופנים געוואָרן באַאיינפלוסט פון די נייע פּאַסירונגען.

די לאַנגע מלחמות און רעוואָלוציעס אין די צייטן פון די לעצטע חשמונאים האָבן שוין ממילא געמוזט פירן דערצו, וואָס פיל פון די הלכות, וועלכע האָבן נישט געטאָרט פאַרשריבן ווערן און זיי זענען נאָר איבערגעגעבן געוואָרן פון מויל צו מויל בקבלה, זענען פאַרגעסן געוואָרן. דאַן איז געקומען הורדוס דער שרעקלעכער, וועלכער האָט דערמאָרדעט דאָס לעצטע ביסל פון די געבליבענע תּלמידי חכמים, אַזוי, אַז די קבלה, די טראַדיציע איז אינגאַנצן געוואָרן איבערגעריסן.

דער סנהדרין פון איין און זיבעציק, וועלכער איז געווען באַטראַכט אַלס די העכסטע אויטאָריטעט אין ענינים פון געזעץ, האָט שוין מער נישט געהאַט די גרויסע באַדייטונג, וואָס ער האָט געהאַט פריער. פון איין זייט איז ער גופא צעשפּאָלטן געוואָרן אויף צוויי לאַגערן. איינער האָט געהאַלטן מיט דעם „נשיא" הלל און דער אַנדערער מיט דעם „אָב בית־דין" שמאי; פון דער אַנדערער זייט האָט הורדוס פון אים אַוועקגערויבט פיל פון זיין מאַכט. דער בלוט־דורשטיקער הורדוס, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין מאָרדן אומשולדיקע מענטשן, האָט זיך נישט געקענט פאַרלאָזן, אַז אַזאַ סנהדרין, וואו עס

געפינען זיך אזעלכע מענטשן, ווי שמאי און הלל, וועט זיין א בלינד ווערקצייג אין זיינע הענט און סאנקציאנירן אלע זיינע מארדטאטן. ער האט דעריבער געגרינדעט זיינע אייגענע געריכטס-הייזער, א מין אייגענעם סנהדרין, וואו דער פארזיצנדער פלעגט זיין דער כהן גדול, איינער פון יענע כהנים גדולים, וועלכע הורדוס פלעגט, ווען ער פלעגט דארפן, דערהייבן צו דעם הויכן פאסטן, און אויף וועלכן ער האט זיך געקאנט פארלאזן. דורך דעם סנהדרין האט עס הורדוס דורכגעפירט אלע זיינע שאנדטאטן (זע: דארנבערג, משא ארץ ישראל), דער רעזולטאט דערפון איז געווען, אז דער סנהדרין הגדול האט כמעט אינגאנצן פארלוירן זיין פאליטישן ווערט און האט געקריגן דעם כאראקטער פון אן אקאדעמיע.

אבער נישט נאר דאס פאלק איז בארויבט געווארן פון זיינע פאליטישע פרייהייטן; אויך די עקאנאמישע לאגע איז געווארן אלץ ערגער און ערגער. כדי אויפצוהאלטן זיין דעספאטישע הערשאפט, איז הורדוס געצוואונגען געווען צו בילדן א שטענדיקע שטייענדע ארמיי. ער האט אבער גאנץ גוט געוואוסט, אז דאס פאלק האסט און פאראכטעט אים; ער האט דעריבער נישט געהאט קיין צוטרוי צום פאלק און האט זיך געדונגען פ ר ע מ ד ע סאלדאטן. דערצו האט ער שטענדיק געזוכט געפעלן צו ווערן די רוימישע הערשער דורך גרויסע און רייכע מתנות; דאן האט ער זיך אפגעגעבן מיט בויען נייע גרויסארטיקע געביידעס. דאס אלץ האט געפאדערט פיל געלט, און דאס האט געמוזט גענומען ווערן פון דעם ארימען פאלק, דורך נייע שווערע שטייערן.

די כהנים פון זייער זייט האבן אויך נישט געשוויגן. זיי האבן גענומען זייערע תרומות און מעשרות א. ד. גל. פשוט מיט געוואלט, „אנרייצנדיק אויפן פאלק זייערע שקלאפן מיט שטעקנס אין די הענט". דאס האט, נאטירלעכערווייז, ארויסגערופן גרויס אומצופרידנקייט ביים פאלק. איבערהויפט זענען פארהאסט געווארן די „מוכסים" (די שטייערן-קלויבער), וועלכע האבן זיך נישט אנטזאגט פון די ברוטאלסטע מיטלען, כדי אויפצומאנען די צינזן. די „מוכסים" זענען באטראכט געווארן אלס די ערגסטע מענטשן; דער נאמען „מוכס" איז געווארן א זידלווארט, און מען האט זיי אפילו געפסלט אלס עדות. דעם האס צו די מוכסים געפינט מען נישט נאר אין תלמוד, נאר אויך אין עוואנגעליום. דאס פאלק, אלס א גאנצעס, איז געווען צו אונטערדריקט, צו

אָרים און נידערגעשלאָגן, אַז עס זאָל קאָנען דענקען וועגן אַ רעוואָלוציע קעגן דער אייזערנער מאַכט פון אַ הורדוס. אָבער דאָ און דאָרטן האָבן זיך געפונען צווישן די בערג און אין די הייל׳ן גרופּן פּאַטריאָטן, וועלכע האָבן געמונטערט דעם עולם, אים געוועקט צו טעטיקייט, צו ווידערשטאַנד נישט נאָר קעגן הורדוסן, „דעם שקלאַף“ און זיין דינאַסטיע, נאָר אויך קעגן די רוימער, וועמען זיי האָבן מיט רעכט באַשולדיקט אין אַלע צרות. טייל זענען אין זייער האַס צו דער רעגירונג אַוועק אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן געפּרעדיקט קעגן יעדער אַרט הערשאַפט בכלל; זיי האָבן געלערנט, אַז „מען טאָר קיינעם נישט רופן ‚מיין הער‘, אויסער גאָט“. אַנדערע ווידער האָבן אין די שלעכטע צייטן געזען אַן „אתחלתא דגאולה“, אַן אָנפאַנג פון משיחס צייטן. צווישן זיי האָט זיך געפונען דער באַקאַנטער יוחנן דער טויפער, וועלכער האָט נביאות געזאָגט, אַז גאָטס קעניגרייך קומט אָן, און האָט גערופן דעם עולם צו תשובה.

דידאָזיקע פּאַסירונגען האָבן זיך נאַטירלעך אויך אָפּגערופן אויף דעם אַמאָל געוועזענעם סנהדרין, וועלכער איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין אַקאַדעמיע, וואו שמאי און הלל זענען געווען די וואָרטפירער. די ווירקונגען, וואָס דידאָזיקע פּאַסירונגען האָבן געהאַט אויף דידאָזיקע פירער, זענען געווען פאַרשידן.

הלל, בטבע אַ גוטער און שטילער מענטש, אַ גרויסער מענטשנפריינט און רודף שלום, האָט זיך ווייניק אָפּגעגעבן מיטן פּאָליטישן לעבן. הלל איז נישט געמאַכט געוואָרן פון דעם שטאָף, פון וועלכן עס קומען ארויס רעוואָלוציאָנערן, אויף דעם איז ער געווען צו קאָלטבלוטיק, צו פיל איבערגעלייגט. ער האָט גאַנץ גוט איינגעזעען די אוממעגלעכקייט צו פירן אַ דערפאָלגרייכן קאַמף קעגן הורדוסן און זיינע פריינט, די מעכטיקע רוימער; ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אַזאַ רעוואָלוציע קאָן פירן צו דעם גענצלעכן אונטערגאַנג פון יידישן פאָלק, און ער האָט דעריבער געפּרעדיקט מעסיקייט, ער האָט דעריבער זיך געזוכט צוצופּאַסן צו די נייע פּאָליטישע אומשטענדן. ער האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, אינגאַנצן מיאש געווען פון דער האָפנונג, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל אין גיכן קאָנען צוריק געווינען זיין פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. ער האָט געזען דעם קיום פון דער יידישער אומה נישט מער אין איר פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט, נאָר אין איר קולטור, אין איר רעליגיע. ער האָט דעריבער אַוועקגעלייגט זיין גאַנצע ענערגיע אויף

אַ קולטורעלער אַרבעט. ער איז געווען, ווי הער ת ל מ ו ד י דריקט זיך אויסגעצייכנט אויס, אַ „רוחני" (זע: השלה, כרך ח' „התלמוד", פון תלמודי).

אַלס אַזעלכער האָט הלל געהאַט אַ גרויסע נייגונג צו פשרה-מאַכעריי, צו קאָמפּראָמיסן. דידאַזיקע נטיה זיינע זעט מען אַרויס נישט נאָר בנוגע זיין האַלטונג צו הורדוסן, נאָר אויך אין זיינע רעליגיעזע און מאָראַלע אָנזיכטן. דער שטרענגער פּרינציפּ איז פאַר אים נישט געווען וויכטיק, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט „משום תקון העולם", צו ליב דעם וואוילזיין פון דער געזעלשאַפט. צוליב דעם „משום תקון העולם" האָט ער אפילו איינגעפירט אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען געווען אויסדריקלעך קעגן דער תורה, ווי צ. ב. דער פּרוזבול*).

אַלעמען איז באַקאַנט די מעשה מיטן פרעמדן, וועלכער האָט זיך געוואָלט מגיר זיין בתנאי, אַז מען זאָל אים אויסלערנען די תורה אויף איין פוס, אויף איין כלל. דער שטרענג פּרינציפּיעלער ש מ א י האָט דערפון נישט געוואָלט וויסן און האָט דעם צוקינפטיקן גר אַרויסגעטריבן מיט בזיון: מען קאָן נישט אויסלערנען די תורה אויף איין כלל; מען מוז אָננעמען די גאַנצע תורה, ווען מען וויל זיין אַ ייד. הלל דאַקעגן האָט דאָ געפינען אַן אויסוועג און האָט אים געגעבן דעם באַרימט-געוואָרענעם ענטפער: „דעלך סני לחברך לא תעביד! זוהי כל התורה כולה ואידך פירושה הוא זיל גמור" (שבת, ל"א) — וואָס דו האָסט פיינט, זאָלסטו נישט טון דיין חבר, דאָס איז די גאַנצע תורה, די איבעריקע איז אַ פירוש, גיי, לערן. אין דעם ענטפער איז געלעגן אַ שטיק פשרה-מאַכעריי, ווארים עס איז לחלוטין נישט אמת, אַז דאָס איז די גאַנצע תורה. דער אויסדרוק גופא איז אויך געווען אַ שטיקל פשרה, ווייל די תורה פאַרלאַנגט פיל מער. זי פאָדערט: „ואהבת לרעך כמוך" — דו זאָלסט ל י ב ן דיין חבר ווי זיך זעלבסט.

אין תלמוד (שבת, ל"א) ווערט דערציילט פון נאָך צוויי גרים,

---

*) לויט דעם דין פון דער תורה דאַרף איינער ביים צווייטן נישט מאָנען קיין חוב, ווען דאָס שמיטה-יאָר איז אַריבער. דאָס אַנטליענע געלט פלעגט אויף אַזאַ אופן גיין פאַרלוירן, אַזוי, אַז דער עולם האָט זיך אַנטזאָגט צו מאַכן הלוואות. הלל האָט דעריבער איינגעפירט דעם „פּרוזבול".

וועלכע זענען פריער געגאַנגען צום אַלטן שמאַי און ער האָט זיי ביי-דע אַרויסגעיאָגט מיט חרפות. בעת הלל האָט זיי מגייר געווען. איינער פון די גרים האָט זיך געוואָלט מגייר זיין בתנאי, אַז ער זאָל ווערן אַ כהן גדול; דער אַנדערער ווידער האָט נאָר געוואָלט אָנערקענען די תורה שבכתב, אָבער נישט די תורה שבעל פה. אויך אין די ביידע פאַלן איז שמאַי געשטאַנען אויפן פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט, בעת הלל האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ פּשרה.

עס איז נישט וויכטיק, צי די מעשיות זענען היסטאָרישע פאַקטן אָדער שפּעטערע לעגענדעס; זיי זענען יעדנפאַלס זייער כאַראַקטעריס-טיש צו פאַרשטיין די פערזענלעכקייטן און די וועלט-אָנשויאונגען פון שמאַי און הלל.

* *

*

עס איז אַבסאָלוט נישט אמת, אַז שמאַי איז געווען אַ בייזער און אַ מענטשנפיינט, ווי מען קאָן עס אַרויסדרינגען פון טייל שטעלן אין תלמוד. עס האָט מיט ש מ א י געטראָפן דאָס, וואָס עס האָט אַזוי אָפט פּאַסירט מיט פיל אַנדערע גרויסע און גוטע מענטשן, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר אַזאַ זאַך, וואָס איז געשיכטלעך פאַר-אַן טיילט צום טויט. די שפּעטערע דורות האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען און עס האָבן זיך וועגן זיי געשאַפן אַלערליי לעגענדעס.

אין זיין פּריוואַטן לעבן איז שמאַי העכסט וואָרשיינלעך געווען פּונקט אַזוי פריינטלעך ווי הלל אַליין. איינע פון זיינע לערעס, וועל-כע געפינט זיך אין „אבות״, לויטעט: „הוי מקבל את כל האדם בסבר פנים יפות״ — עמפּפאַנג יעדן מענטש מיט פריינטלעכקייט. אַלס אַ כלל-טוער האָט ער אָבער געהאַט גאַנץ אַנדערע איינשאַפטן ווי זיין צייט-חבר הלל. פריער פון אַלץ איז ער געווען אַ קעגנער פון וועל-כע ס'איז פּשרות, דער פּרינציפּ, דאָס געזעץ איז ביי אים געשטאַ-נען העכער ווי אַלץ. די טראַדיציע איז געווען ביי אים הייליק און ער האָט פון איר נישט געוואָלט אָפּטרעטן אויף אַ האָר. דאָס האָט שוין אויך געבראַכט דערצו, וואָס ער האָט נישט געוואָלט אָנערקע-נען די נייע מידות, וועלכע הלל הזקן האָט איינגעפירט אין דער פאַרשונג פון דער תורה. די אַלע הלוקי-דעות פון שמאַי און הלל און שפּעטער צווישן זייערע תלמידים, שטאַמען צום מיינסטן דערפון, וואָס

שמאי איז געשטאַנען שטאַל און אייזן פאַר דער קבלה, פאַר דער אַלטער טראַדיציע, בעת הלל און זיינע תלמידים האָבן אין דער זעלבער צייט געלייגט זייער פיל געוויכט אויף די „מידות", און איבעראַל, וואו די קבלה איז נישט געווען אינגאַנצן קלאָר אָדער האָט נישט איינגעשטימט מיט די נייע באַדערפענישן, פלעגן זיי זיך פאַרלאָזן אויפן שכל, אויף דער לאָגיק.

שמאי איז נישט געווען איינער פון די יעניקע, וועלכע פרעדיקן וואַסער פאַר אַנדערע און אַליין טרינקען זיי ווייַן. ער האָט אויף זיך מחמיר געווען פיל מער. ווי אויף אַנדערע. ער האָט זיינס אַ קינד געצוואונגען צו פאַסטן אום יום-כפור, און ווען זיין שנור האָט געבוירן אַ ייִנגל אום סוכות, האָט ער צעבראָכן דאָס בעט אונטערן סכך, כדי דאָס ניי-געבוירענע קינד זאָל יוצא זיין מיט דער מצווה פון סוכה.

עס פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אונדז איצטער קאָנען אַזעלכע איבעריקע חומרות נאָר אויסזעעזן גאַנץ ווילד און משוגעדיק. אין יענער צייט אָבער האָבן זיי געהאַט אַ גאַנץ וויכטיקע באַדייטונג. דאָס איז געווען אַ מין פראָטעסט קעגן דער פשרה-מאַכעריי. אין דעם איז געלעגן אַ הייסער וואונטש צו דערהאַלטן די גאַנצקייט און די ריינקייט פון דעם נאַציאָנאַלן טיפּ. און דערפאַר זענען די אַלע פאָלקס-מנהגים און טראַדיציעס באַטראַכט געוואָרן פאַר הייליק. עס איז מערקווירדיק, אַז אין אַלע צייטן, ווען דער קיום פון דער גאַנצער אומה איז געווען אין געפאַר, האָבן זיך שטענדיק די יידישע חכמים געזוכט צו באַשיצן דערמיט, וואָס זיי האָבן באַשאַפן נייע גזרות און איינגעפירט נייע חומרות. אַזוי, צום ביישפּיל, איז געווען דער פאַל מיט די „חסידים", וואָס ווען דער דרוק פון אויסן איז געווען שטאַרק, האָבן זיי געפירט אַ קאַמף מיט די העללעניסטן, וועלכע זענען שטענדיק געווען די מחמירים, ווייל זיי האָבן געגלייבט דורך דעם צו פאַרזיכערן דעם קיום האומה. ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו באַמערקן, אַז דאָס איז געווען שמאי, דער גרויסער מחמיר שמאי, וועלכער האָט דערלויבט צו פירן אַ מלחמה אום שבת, גראָד אין דעם פאַל איז שמאי געווען אַ מקיל (זע: שבת, י"ט; התלמוד פון תלמודי; השלה, פרק ח').

דערדאָזיקער מאָטיוו איז אויך געווען די סיבה, פאַרוואָס שמאי און זיינע תלמידים זענען געווען אַזוי שטאַרק קעגן גרים: זיי האָבן

פשוט געוואָלט דערהאַלטן די ריינקייט פון דער יידישער ראַסע. עס איז אָן צווייפל, אַז דאָס באַרימטע ווערטל „קשים גרים לישראל כספחת" — אַז גרים זענען ווי קרעץ אויפן יידישן קערפּער, שטאַמט פון די שמאיאיטן. עס איז איז אויך מעגלעך, אַז מיט דערדאָזיקער שטעלונג זייערער בנוגע צו די גרים האָבן זיי געוואָלט אויסדריקן זייער האַס און פאַראַכטונג צו הורדוסן און זיין דינאַסטיע.

לויט ווי דער תלמוד דערציילט, האָט צווישן די תלמידים פון שמאי און הלל געהערשט אַ פולשטענדיקע פריינטשאַפט (זע יבמות, י"ג), הגם זיי האָבן אין פיל ענינים נישט מסכים געווען. דאָך ווערט דערציילט פון איין פאַל, וואו די תלמידים פון שמאי זענען באַפאַלן מיט זייערע שווערדן אויף די תלמידים פון הלל, און האָבן זיי געצוואונגען אונטערצוגעבן זיך. געהאַנדלט האָט עס זיך דעמאָלט וועגן די באַרימטע אַכצען גזרות. צווישן די גזרות זענען געווען פיל, וועלכע זענען געווען גאַנץ אַלטע, ווי, צום ביישפיל, די גזרה פון טומאה אויף חוץ לארץ. ווען די צייטן זענען געווען רויקע, פלעגט קיינער אויף זיי נישט אַכטונג געבן; ווען די צייטן אָבער האָבן אָנגעפאַנגען צו ווערן שווערער, האָט מען זיי ווידער באַנייט (זע גרץ).

די כוונה פון דידאָזיקע אַכצען גזרות איז געווען וואָס מער צו דערווייטערן זיך פון די שכנותדיקע פעלקער, הויפּטזעכלעך פון די רוימער, מיט וועלכע הורדוס און זיינע יורשים זענען געווען גאַנץ נאָענטע מחותנים. מען טאָר נישט עסן זייער ברויט, טרינקען זייער וויין, געברויכן זייער בוימל, זיך מתחתן זיין מיט זיי. דאָס איז געווען אַ מין פּאָליטישער פּראָטעסט. פאַר די תלמידים פון שמאי זענען די דאָזיקע גזרות געווען אַזוי וויכטיק, אַז זיי האָבן זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון צו געברויכן געוואַלט קעגן די תלמידים פון הלל. די שמאיאיטן האָבן אין דידאָזיקע גזרות געזען אַ מיטל פאַר דעם קיום האומה און האָבן דערפאַר באַטראַכט די הללאיטן אַלס פשוטע פאַררעטער, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט מסכים זיין אויף דעם. דידאָזיקע גזרות האָבן מער געטראָגן אַ נאַציאָנאַל פּאָליטישן כאַראַקטער אַלס אַ רעליגיעזן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די רעגירונג פון הורדוס און זיינע נאָכפאָלגער האָבן נישט געקאָנט קוקן גלייכגילטיק אויף אַזאַ מין טעטיקייט, בפרט ווען אַ גרויסער טייל פון בית שמאי האָבן גענומען אַ שטאַרקן אַקטיוון אָנטייל אין אויפמונטערן דאָס פאָלק צו אַ

רעוואָלוציע, אַראָפּצוװאַרפֿן פֿון זיך דעם שווערן יאָך פֿון דעם פֿאַרהאַסטן „אדומי“ מיט די רוימער. טויזנטער און טויזנטער פֿון זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן מיט אַלערליי מיתות משונות, אָבער, ווי עס איז געוויינלעך דער פֿאַל, אָן שום דערפֿאָלג. פֿון די קברים פֿון די מאַרטירער זענען אויסגעוואַקסן נייע קעמפֿער. דאָס זענען געווען די תּלמידים פֿון שמאי, וועלכע זענען שפּעטער געוואָרן די פֿירער פֿון די רעוואָלוציאָנערן, וואָס זענען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „ק נ א י ם“ אָדער צעלאָטן. דאָס זענען זיי געווען די פֿירער פֿון יענע וואונדערבאַרע העלדן, וועלכע האָבן מיט אַזוי פֿיל אומבאַשרייבלעכן מוט, מיט אַזוי פֿיל אומדערהערטער גבורה, מיט אַזוי פֿיל מסירת נפש געפֿירט אַזוי לאַנג און אַזוי האַרטנעקיק יענע שוידערלעכע, האָפֿנונגסלאָזע מלחמה קעגן די אָנצאָליקע לעגיאָנען פֿון די רוימער, וועלכע האָט זיך געענדיקט מיט דעם צווייטן חורבן.

„לויט זיין פּרוכט דערקענסטו דעם בוים“. יענע „קנאים“, וועלכע האָבן ביז זייער לעצטן טראָפּן בלוט געקעמפֿט פֿאַר דער אומאָפּהענגיקייט פֿון זייער פֿאָלק, זענען געווען די תּלמידים פֿון שמאי.

יענער צווייפֿלהאַפֿטער העלד דאַקעגן, וועלכער האָט זיך, לויט דער לעגענדע, אַרויסגעגנבעט פֿון דער באַלאַגערטער שטאָט, כּדי אויסצושטדלען ביים רוימישן גענעראַל די שטאָט יבנה, וואו מען זאָל קאָנען לערנען און פֿאַרשפּרייטן די תּורה, איז נישט געווען קיין אַנדערער, ווי ר ב ן י ו ח נ ן ב ן ז כ א י, אַ תּלמיד פֿון הלל הזקן.

די ווייטערע היסטאָרישע פּאַסירונגען האָבן, אמת, אַרויסגעוויזן, אַז רבן יוחנן בן זכאי איז געווען גערעכט, אַז נאָך דעם אַלעם האָט דאָך זיין „קולטורעלער צענטער“ אָפּגעהיטן דאָס יידישע פֿאָלק פֿון גענצלעכן אונטערגאַנג, אָבער כאַראַקטעריסטיש איז עס דאָך...

און ווייל הללס תּלמידים זענען געווען אַזעלכע גרויסע חכמים און האָבן גאַנץ קאַלטבלוטיק געקאָנט זען פֿאָרויס, אַז די מלחמה קעגן די רוימער קאָן נישט האָבן קיין דערפֿאָלג, איז טאַקע דערייבער געבליבן, אַז זיי זענען גערעכט, אַז „הלכה כּבית הלל“ — דער דין בלייבט ווי בית הלל. די מערסטע שמאיאיטן זענען אומגעקומען אין דער גרויסער מלחמה.

*

*

א. ה. ווייס. אין זיין באַקאַנטן ספר „דור דור ודורשיו",
רעכנט אויס דריי הונדערט און זעכצן מחלוקת צווישן די בית שמאי
און די בית הלל. אַ גרויסער טייל פון די מחלוקת זענען געווען
וועגן ענינים פון טומאה וטהרה (ריין און אומריין), וואו די בית
שמאי זענען כמעט אַלע מאָל די מחמירים, ווייל די הויפּט-כוונה פון
די אַלע גזירות איז געווען, ווי עס איז שוין באַמערקט געוואָרן,
וואָס מער אָפּצוזונדערן דאָס יידישע פאָלק פון די אַרומיקע שכנים.
דאַן קומט וועגן שבת און יום טוב, וואו זיי אונטערשיידן זיך אין
צוויי און פופציק הלכות. אויך דאָ זענען די בית שמאי די מחמירים
אין אַלע, אויסער זעקס. וועגן ענינים פון אַגריקולטור (זרעים), פאַ-
מיליען-לעבן (נשים), געלט-פראַגן (נזיקין) און קרבנות (קדשים) זע-
נען שוין די מחלוקת ווייניקער. דערביי איז צו באַמערקן, אַז די
פאַלן, וואו די שמאיאיטן זענען די מקילים זענען פּראָפּאָרציאָנעל
שוין מער.

עס איז איצטער נאַטירלעך אוממעגלעך אויסצוגעפינען דעם
פּרינציפּיעלן גרונט פון יעדער מחלוקה באַזונדער. בדרך כלל איז
אָבער גילטיק די דערקלערונג, וועלכע איז שוין אויבן געזאָגט געוואָרן
און וועלכע מיר וועלן דאָ בקיצור איבערחזרן:

די בית שמאי האָבן פריער פאַר אַלץ געזאָרגט וועגן דעם
קיום פון דער אומה אויף איר אייגן לאַנד. נאָך זייער מיינונג
קאָן די תורה נאָר דאַן ריכטיק אָפּגעהיטן ווערן, ווען די יידן
וועלן קענען פירן זייער אייגן נאַציאָנאַל-פּאָליטיש לעבן. זיי זענען
געווען, ווי הער תלמודי דריקט זיך אויס, „מדיניים", זיי האָבן גע-
גלייבט אין אַן אייגענער מדינה, נאָר דעמאָלט וועט זיך קאָנען
דערהאַלטן דער טיפּ פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט. דערפאַר
זענען זיי שטענדיק געווען די מחמירים אין אַלע יענע ענינים,
וואָס האָבן געהאַט אַלס אויפגאַבע די אָפּזונדערונג פון דעם יידישן
פאָלק.

די בית הלל דאַקעגן האָבן געגלייבט, אַז דאָס יידישע פאָלק
קאָן אין ערגסטן פאַל אויך אויסקומען אָן אַ לאַנד — די תורה אַליין
איז גענוג. די ריינקייט פון דער ראַסע איז נישט אַזוי וויכטיק, גרים

זײַנען װילקאָמען, און װאָס מער גרים, אַלץ בעסער. מען דאַרף דערי־
בער זען צו מאַכן די תורה מער צוגענגלעך צו די אַלע אַרומיקע
פעלקער; ניט אַזױ דאָס אות, װי די אינערלעכע כװנה איז װיכטיק.
די בית שמאי האָבן געװאָלט מאַכן די תורה
מער נאַציאָנאַל; די בית הלל — מער אוניװערסאַל.

## VI.

# ישוע הנוצרי אין תלמוד

וועגן ישוע הנוצרי, דעם אַנגענומענעם גרינדער פון דער קריסט־לעכער אמונה, געפינט זיך אין תלמוד פאַרהעלטנישמעסיק זייער ווייניק ידיעות, און די יעניקע, וואָס זענען פאַראַן, האָבן אויך אַ קנאַפּן היס־טאָרישן ווערט.

און ס'איז אויך גאָר קיין גרויסער חידוש נישט. ישוע הנוצרי איז אין דער הינזיכט נישט קיין אויסנאַם. די היסטאָרישע ידיעות אין תלמוד זענען בכלל זייער מאָגערע, דערצו נישט איבעריק פּינקטלעכע. דער תלמוד איז פריער פאַר אַלץ אַ געזעץ־בוך, וואָס באַשעפטיקט זיך דאָס רוב נאָר דאָן, ווען אַ געשיכטלעכער פאַקט איז נייטיק צו באַ־גרינדן אַ געוויסע „הלכה", אַ געזעץ.

פון די אַלע גרויסע נצחונות, צום ביישפּיל, וואָס די חשמונאים האָבן געהאַט אין דער באַפרייונגס־מלחמה קעגן די גריכן, ווייסט דער תלמוד נאָר צו דערציילן פון עפּעס אַ לעגענדאַר מעשהלע וועגן אַ קריגל בוים־אייל. ווען מיר וואָלטן געדאַרפט לערנען יידישע געשיכטע נאָר פון דעם תלמוד, וואָלטן מיר היינט אפילו גאָרנישט געוואוסט, אַז עס האָט ווען־עס־איז געלעבט אַ יהודה המכבי. די פּאָר מעשיות, וואָס געפינען זיך אין תלמוד וועגן יוחנן הורקנס און קעניג ינאי, באַ־ווייזן נאָר, אַז די תלמודיסטן האָבן זייער ווייניק געוואוסט וועגן זיי, און עס ווערן דערציילט וועגן איינעם פּאַסירונגען, וואָס האָבן גאָר געטראָפן מיטן אַנדערן.

דערביי דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז ישוע הנוצרי איז ביי זיין לעבן געווען אַ גאַנץ אומבאַדייטנדע פּערזענלעכקייט; ער האָט געשפּילט אַ קליינע ראָלע און געהאַט זייער אַ קליינעם איינפלוס אויף דעם לעבן פון פאָלק. אַזעלכע אַגיטאַטאָרן און פּרעדיקער, וואָס האָבן געזוכט צו פאַרבעסערן די אומדערטרעגלעכע לאַגע פון פאָלק, יעדער אויף זיין דרך, זענען אין יענע העכסט־אומרויקע צייטן געווען זייער פיל אין

ארץ ישראל. יהודה הגלילי און זיינע תלמידים, מנחם דער אסיי און זיינע תלמידים, די קנאים, יוחנן דער טויפער און זיינע אנהענגער, דאן ישו ע הנוצרי, די אלע זענען געווען די פראדוקטן פון יענער איבערגאנגס-צייט. ווי אין אלע אזעלכע עפאכן, ווען די מענטשהייט שטייט אויפן שיידוועגס-וועג, זענען אויסגעוואקסן אלערליי סעקטן און פארטייען, מאנכע פון וועלכע עס האבן געטראגן א ריין-פאליטישן כאראקטער, בעת אנדערע, דאקעגן, זענען געווען ריין-עטישע באווע-גונגען. דער יונגער ענטוזיאסטישער טרוימער פון דעם פארוואָרפענעם שטעטעלע נ צ ר ת האט אפנים נישט געצויגן אויף זיך זייער שטארק די אויפמערקזאמקייט פון זיינע צייט-חברים, און דאס איז די סיבה, פארוואס עס ווערט אזוי ווייניק גערעדט וועגן אים אין די על-טערע קוועלן.

דאס קריסטנטום האט זיך גענומען פארשפרייטן און איז געווארן א געוואלטיקע מאכט שוין לאנג נאכן טויט פון דעם גרינדער, ווען זיי-נע תלמידים, דורך דעם איינפלוס פון דעם הייליקן פאול (שאול פון תרשיש), האבן זיך גענומען צו פארשפרייטן די „בשורה", דעם עוואנ-געליום, צווישן די ארומיקע פעלקער. קעגן דער אור-שפרינגלעכער כוונה פון ישוע הנוצרי גופא, וועלכער האט געהאלטן אין איין טענהן, אז ער איז גע-שיקט געווארן נאר צו די קינדער (מיינענדיק די יידן). זיינע תלמידים האבן צונויפגעקליבן די אלע ידיעות, וואס זיי האבן געקאנט קריגן פון דעם לעבן און טעטיקייט פון זייער רבין, האבן עס באפוצט מיט אלערליי נסים און נפלאות, און עס זענען דערפון ארויסגעקומען די אלע דערציילונגען, וואס געפינען זיך אין דעם עוואנגעליום. טייל פון דידאזיקע מעשיות זענען אויך באוואוסט געווען צו די יידן, וועלכע האבן זיי באפוצט אויף זייער אייגענעם דרך, דערקלערנדיק די אלע נסים און וואונדער דורך כשוף און דעם רוח הטומאה.

די אלע מעשיות, וואס געפינען זיך אין תלמוד וועגן ישוע הנוצרי, זענען, ווי עס איז אויך דער פאל מיט די דערציילונגען אין דעם עוואנגעליום, געשריבן געווארן נישט פון זיינע צייט-חברים, נאר פיל שפעטער; די תלמודישע מעשיות — אזוי שפעט ווי אין דריטן און אין פערטן יארהונדערט, די הויפט-כוונה פון די אלע מעשיות איז געווען א פאלעמישע, צו באקעמפן די יידישע קריסטן. עס פארשטייט זיך, אז מען קאן זיך זייער ווייניק פארלאזן אויף דידאזיקע מעשיות.

כדי זיי צו געברויכן אלס געשיכטלעכן מאטעריאל, פונקט אזוי, ווי מען קאן זיך נישט פארלאזן אויף די צו פריינטלעכע דערציילונגען פון דעם נייעם טעסטאמענט.

די מעשה וועגן ישוע הנוצריס געבורט איז א שפעטערע דערפינדונג. זי, דידאזיקע דערציילונג, איז אנטשטאנען ערשט דעמאלט, ווען די קריסטן האבן אנגעפאנגען צו באהויפטן, אז ישוע הנוצרי איז געבוירן געווארן דורכן רוח הקודש. קעגן דערדאזיקער פארגעטערונג איז ארויסגעטרעטן די יידישע לעגענדע וועגן זיין נישט כשרן געבורט. אין תלמוד גופא געפינען זיך יעדנפאלס זייער וייניק אנדייטונגען וועגן דעם. עס איז דא כדי צו באמערקן, אז די ערשטע קריסטן, הויפטזעכלעך די יידישע קריסטן, האבן גאר קיינמאל נישט געגלייבט אין זער געטלעכער אפשטאמונג פון ישוע הנוצרי; זיי האבן אים נאר באטראכט אלס דעם משיח, אלס דעם לאנג-דערווארטעטן דערלייזער. דאס זענען געווען די היידנישע קריסטן, וועלכע האבן אים גענומען באטראכטן אלס גאטס זון.

די ערשטע יידישע קריסטן האבן זיך איבערהויפט זייער ווייניק אונטערשיידעט פון די עכטע יידן. זיי האבן אפגעהיטן אלע מצוות כמעט אזוי פינקטלעך ווי די פרושים גופא, און טייל הינזיכטן זענען זיי נאך געווען פרומער, האלטנדיק זיך אן די מנהגים פון די איסיים (עססיאנער), מיט וועלכע זיי האבן געהאט אן ענגע פארוואנדשאפט. ישעו הנוצרי אליין האט געלערנט, אז ער איז נישט געקומען אומענדערן די תורה, נאר זי פארשטארקערן. ער הייסט זיינע אנהענגער זיין פרומער, ווי עס זענען די פרושים (זע: מתי' ה', כ"א, כ"ב).

א לאנגע צייט זענען פארגעקומען גרויסע מחלוקת צווישן די יידישע קריסטן און זייערע היידנישע ברידער. די ערשטע האבן זיך געמלט און נישט געגעסן קיין טרפות, בעת די לעצטע, אונטער דער פירערשאפט פון דעם געוועזענעם פרוש, דער הייליקער פאול, האבן מבטל געמאכט אלע מצוות. וועגן דידאזיקע קריגערייען קאן מען געפינען גענוגנדע שפורן אין די שריפטן פון דעם נייעם טעסטאמענט גופא, ווי צום ביישפיל, אין די „מפעלות השליחים, קאפיטל י"א.

ישוע הנוצריס ברודער, דער הייליקער יעקב, האט געלעבט צווישן יידן און איז געווען זייער פרום. לויט יאזעפוס האבן די פרושים זייער שטארק פראטעסטירט, ווען ער איז פארמשפט געווארן צום טויט דורך א צדוקישן כהן גדול. קורץ, אין די ערשטע צייטן האבן די

יידן און די יידן־קריסטן געלעבט צווישן זיך מער אָדער ווייניקער פרייַנטלעך.

שפּעטער, ווען דער היידנישער עלעמענט האָט געזיגט און דאָס קריסטנטום האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דעם יידנטום; ווען די יידישע קריסטן האָבן אינגאַנצן פאַרוואָרפן די יידישע תורה און די יידישע נאַציאָנאַליטעט, זיך דורכמישנדיקמיט די פרעמדע, ערשט דעמאָלט האָט זיך די שנאה געגומען פאַרשטאַרקן, און איז געוואָרן נאָך פיל שטאַרקער, ווען די קריסטן האָבן אָנגעפאַנגען אפילו צו פאַרפאָלגן זייערע אַמאָליקע ברידער — די יידן.

די האַלטונג פון דעם תּלמוד צו ישוע הנוצרי גופא איז נאַטירלעך נישט קיין צו פיל פרייַנטלעכע, אָבער אויך נישט אַזאַ פייַנטלעכע, ווי מען האָט געקאָנט דערוואַרטן. אין די עלטערע לעגענדעס געפינט מען אפילו אַ מער אָדער ווייניקער פרייַנטלעכע שטימונג צום גרינדער פון קריסטנטום.

אין גיטין*) (נ"ז) ווערט דערציילט, אַז איינער האָט דורך דער הילף פון כשוף אַרויסגערופן בלעמן פון קבר און אים געפרעגט, ווער זענען אויף יענער וועלט די יחסנים און צי עס לוינט זיך מגייר צו זיין. בלעם האָט געענטפערט, אַז די יידן זענען דאָרט די יחסנים. אָבער דאָך ראָט ער קעגן וועלכע ס'איז פרייַנטלעכע פאַרבינדונגען מיט די יידן. דאַן האָט דער זעלבער אַרויסגערופן ישוע הנוצרין און האָט אים אויך געשטעלט די זעלבע פראַגן, אויף וואָס ער האָט געענטפערט: „די יידן זענען די יחסנים; זוך זיי צו טון גוטס און היט זיך פון צו טון זיי שלעכטס, ווייל ווער עס פאַרטשעפּעט זיי, שפּילט זיך מיט פייער". דער תּלמוד ענדיקט די מעשה מיט דעם אויסרוף: תא חזי מה בין פושעי ישראל לנביאי אומות העולם! — זע דעם הילוק צווישן אַ זינדיקן ייד און אַ נביא פון די אומות העולם. ישוע הנוצרי ווערט דאָ באַטראַכט אַלס אַ ייד (אמת, אַלס אַ זינדיקער ייד, וועלכער האָט זיך זיין שטראָף), וואָס האָט ליב זיין פאָלק.

אין יומא (ס"ו) געפינט זיך אפילו אַ פראַגע, וואָס מען האָט גע־

---

*) די אַלע ציטאַטן, וואָס וועלן דאָ געבראַכט ווערן פון תּלמוד, זענען צום מייַנסטן גענומען פון די „השמטות הש"ס" — אַ קלײן ספרל, וואו עס געפינען זיך די אַלע תּלמודישע מאמרים, וועלכע די צענזאָרן האָבן אַרויסגעוואָרפן.

שטעלט ר' אליעזר הגדול: „פלוני מהו לעולם הבא?" — „יענער", צי האָט ער עולם הבא? (עס איז די מיינונג פון די נייעסטע פאָרשער, אַז מיט דעם „פלוני" ווערט געמיינט ישוע הנוצרי — העתיד, כרך א', ישוע הנוצרי). ר' אליעזר דרייט זיך דאָרטן ארויס און גיט נישט קיין דירעקטן ענטפער, אָבער דער פאַקט, אַז אַזאַ פראַגע איז גאָר פאָרגעקומען, איז אויך געגוג. אין יענע צייטן איז „עולם הבא" געווען אַ גאַנץ וויכטיק אַרטיקל, מיט וועלכן מען האָט זיך גאַרנישט אַזוי אַרומגעוואָרפן. ישוע הנוצרי אַליין איז אין דער הינזיכט געווען גאָר אַ גרויסער קמצן, אַ שטאַרקער נישט-פאַרגינער, און ער האָט פאַרשפּראָכן עולם הבא נאָר צו די, וואָס גלייבן אין אים.

די אַלע ידיעות, וואָס געפינען זיך אין תלמוד וועגן ישוע הנוצריס פערזענלעכקייט, וועגן זיין געבורט, זיין לעבן און זיין טויט, זענען זייער טונקל. פון טייל שטעלן איז אַרויסצוזעען, אַז די תלמודיסטן האָבן צוזאַמענגעמישט צוויי פערזאָנען און געמאַכט דערפון איינעם: זייער ישוע הנוצרי איז אַ מין צוזאַמענגעשטעלטע פערזענלעכקייט, וואָס דאָס איז, בדרך אגב, אויך אָנצומערקן אין עוואַנגעליום.

אין תלמוד ווערט דערמאָנט דער נאָמען ישוע הנוצרי אָדער יש"ו, וועלכער הייסט אויך „בר פנדירא" אָדער „פנטירא"; דערצו איז אויך דערמאָנט אַ געוויסער „בר סטדא", וועלכן די שפּעטערע אמוראים האָבן אויך אָנגענומען פאַר ישוע הנוצרי, פאַרטייטשנדיק עס „בר סטת-דא", דער זון פון דער זינדערין (סנהדרין, ס"ז).

דאָ שיינט צו זיין אַ טעות. דערדאָזיקער בר כטדא איז אין דער אמתן גאָר אַ גאַנץ אַנדערע פערזאָן. דאָס איז העכסט וואַרשיינלעך געווען יענער נביא, וועלכער האָט נביאות געזאָגט, אַז די מויערן פון ירושלים וועלן איינפאַלן. ער איז געקומען פון עגיפּטן און האָט געהאַט מיט זיך אַ מחנה פון פיר טויזנט אָנהענגער. הורדוס פיליפּוס האָט זיין גאַנצע מחנה צעשלאָגן. עס איז מעגלעך, אַז יענעם האָט מען נאָכדעם געכאַפּט און אים פאַרשטיינערט אין לוד, ווי דער תלמוד דערציילט דאָרטן (סנהדרין, ס"ז). ישוע הנוצרי איז גאָר געקרייציקט געוואָרן (נישט פאַרשטיינערט) נישט ווייט פון ירושלים (און נישט אין לוד).

אויך אין די שריפטן פון דעם נייעם טעסטאַמענט ווערט דערדאָזיקער נביא פון עגיפּטן דערמאָנט. זיין נאָמען איז ת א ו ד ה (מפעלות השליחים, ה' ל"א). אין אַן אַנדערן פּלאַץ (מפעלות השליחים כ"א ל"ה)

ווערט דער הייליקער פאול באַשולדיקט פון אַ גריכישן קאַפּיטאַן, אַז ער איז עס יענער עגיפּטער, „וועלכער האָט זיך נישט לאַנג צוריק אַרומגעפירט מיט פיר טויזנט רוצחים אין דער מדבר". די יידישע לע-גענדע, און טיילווייז אויך די קריסטלעכע, האָבן דאָס אַנטלויפן און צוריקקער פון דעם „תאודה" אָדער „בר סטדא" פון עגיפּטן צונויפגע-מישט מיט דער פּערזאָן פון ישוע הנוצרי, וועלכער זאָל אויך האָבן געוועזן אַנטלאָפן קיין עגיפּטן.

איין מעשה אין תּלמוד (סוטה מ"ז) הייבט זיך אָן מיט פאָלגענדן מוסר: „שטענדיק זאָלסטו אָפּשטויסן מיט דער לינקער האַנט און מקרב זיין מיט דער רעכטער. נישט ווי אלישע, וואָס האָט פאַרשטויסן פון זיך גחזין מיטביידע הענט, און נישט ווי יהושע בן פרחיה, וואָס האָט פאַרשטויסן פון זיך ישוע הנוצרין מיט ביידע הענט". „ווען דער קעניג ינאי", הייבט זיך אָן די מעשה, „האָט דערמאָרדעט די תּלמידי חכמים, זענען יהושע בן פרחיה און ישוע הנוצרי, זיין תּלמיד, אַנטלאָפן קיין עגיפּטן, אין אַלעקסאַנדריען. ווען עס איז געוואָרן שלום, האָט שמעון בן שטח געשריבן אַ בריוו: פון מיר, ירושלים, די הייליקע שטאָט, צו דיר, אַלעקסאַנדריע, מיין שוועסטער. מיין מאַן געפינט זיך ביי דיר און איך בין אַ וויסטע עגונה. אויפן וועג צוריק זענען זיי אַריין אין אַן אכסניא, וואו מען האָט זיי זייער פיין אויפגענומען. יהושע בן פרחיה האָט געלויבט די אכסניא; ישוע הנוצרין איז מער געפעלן געוואָרן די באַלעבאָסטע, און ער האָט געזאָגט: „רבי, זי האָט שיינע אויגן". יהושע בן פרחיה איז בייז געוואָרן און האָט אויסגעשריגן: רשע, דערמיט באַשעפטיקסטו זיך ?! און ער האָט אים אַריינגעלייגט אין חרם. עט-לעכע מאָל איז ישוע הנוצרי געקומען און געוואָלט תשובה טון, אָבער יהושע בן פרחיה האָט אים נישט אויפגענומען. איינמאָל איז ישוע הנוצרי געקומען, ווען זיין רבי האָט געהאַלטן אין דאַווענען. ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, ער זאָל וואַרטן. ישוע הנוצרי האָט אָבער געמיינט, אַז ער שטויסט אים ווידער אָפּ פון זיך, איז ער אַרויס, אַוועקגעשטעלט אַ ציגל און דערצו געדינט".

די גאַנצע דערציילונג האָט נישט קיין ברעקל היסטאָרישן ווערט. אינטערעסאַנט איז דאָ באַר דער פאַקט, וואָס ישוע הנוצרי ווערט באַטראַכט אַלס אַ תּלמיד פון יהושע בן פרחיה, וועלכער האָט געלעבט אַ גענויען יאָרהונדערט פאַר דער אָנגענומענער צייט-רעכענונג. אַנטלאָפן קיין עגיפּטן איז ער נישט צוליב הורדוסן, וועלכער האָט אים גע-

וואָלט טויטן אַלס דעם צוקינפטיקן משיח, ווי דאָס דערציילט דער עוואַנגעליום, נאָר צוליב קעניג ינאי, וועלכער האָט געוואָלט דערמאָרדן אַלע פרושים, און צווישן זיי אויך יהושע בן פרחיה מיט זיין תלמיד ישוע הנוצרי.

אין אַ צווייטער שטעלע אין תלמוד (סנהדרין מ״ג), וואו עס ווערט דערציילט וועגן ישוע הנוצריס טויט, ווערט אויך דערמאָנט, אַז ער איז געווען אַ קרוב למלכות, אַן אָנגעזעענע פערזאָן אין די רעגירונגס-קרייזן. עס איז קלאָר, אַז דאָס האָט נישט געקאָנט געזאָגט ווערן וועגן דעם היסטאָרישן ישוע הנוצרי, וועלכער איז, פאַרקערט, געוואָרן פאַרפאָלגט פון דער רעגירונג.

וועגן זיין טויט גופא ווערט אין טייל ערטער באַהויפטעט, אַז מען האָט אים פאַרשטיינערט (אַ ריין יידישע מיתה), בעת אין אַנדערע, אַז מען האָט אים געהאַנגען אָדער געקרייציקט (שוין נישט קיין יידישע מיתה).

ווי מען זעט דערפון אַרויס, איז דער גאַנצער ענין שטאַרק פאַרפלאָנטערט און נישט קלאָר. איין זאַך איז אָבער זיכער: די צייט-חברים פון ישוע הנוצרי האָבן וועגן אים נישט איבערגעלאָזט קיינע ידיעות. די שפעטערע תלמודיסטן, וואָס האָבן וועגן אים שוין יאָ געשריבן, האָבן אָבער אַליין נישט געוואוסט אויף ריכטיק און האָבן, ווי עס ווייזט אויס, צוזאַמענגעמישט אי פאַרשידענע צייטן אי פאַרשידענע פערזאָנען.

* *

*

קעגן די עטישע לערעס פון ישוע הנוצרי האָבן די תלמודיסטן גאָרנישט געקאָנט אָנווענדן שוין דערפאַר אַליין, וואָס כמעט אַלע מאָראַלע לערעס און משלים, וואָס געפינען זיך אין עוואַנגעליום, הויפטזעכלעך אין דער באַרימטער „דרשה אויפן באַרג״, געפינען זיך אויך צעוואָרפן און צעשפּרייט אין פאַרשידענע פלעצער פון דעם תלמוד נישט נאָר לויט דעם אינהאַלט נאָך, נאָר גאַנץ אָפט מיט די זעלביקע אויסדריקן און די זעלביקע משלים. דערמיט ווערט נישט געמיינט צו זאָגן, אַז די תלמודיסטן האָבן גענומען פון עוואַנגעליום, אָדער פאַרקערט. דאָס זענען גיכער געווען אַלגעמיין באַקאַנטע און אַלגעמיין אָנגענומענע לערעס און שפּריכווערטער. דער בעל-דרשן אויפן באַרג

האָט זיי געברויכט אין זייגע דרשות, פונקט ווי עס האָבן געטון די תּלמודישע דרשנים.

דאָ איז נישט דאָס אָרט זיך צו פאַרברייטערן וועגן דעמדאָזיקן ענין און צו ברענגען די אַלע פּאַראַלעלע לערעס, וואָס געפינען זיך אין תּלמוד און געפינען זיך אויך אין עוואַנגעליום. וועמען דאָס אינטערעסירט, קאָן עס געפינען אין „דור דור ודורשיו" (קאַפּיטל כ"ד אין די אָנמערקונגען). דאָך וועל איך דאָ ברענגען אייניקע ביישפּילן, טייל פון וועלכע עס ווערן אין דעם אויבנדערמאָנטן ספר נישט געבראַכט.

ישוע הנוצרי זאָגט (מתי, ו' כ"ו): „קוקט אויף די פייגל פון הימל, זיי זייען נישט, און שניידן נישט, און קלייבן נישט אין שפּייכלערס, און אייער פאָטער אין הימל שפּייזט זיי, איר זענט דאָך טייערער פון זיי".

ר' שמעון בן אליעזר זאָגט (קידושין פ"ג): „צי האָסטו וועןן געזעען אַ חיה אָדער פויגל, וואָס איז אַ באַלמעלאָכע, און דאָך ווערן זיי געשפּייזט אָן צער; זיי זענען דאָך נאָר באַשאַפן געוואָרן מיך צו באַדינען; איך, וואָס בין באַשאַפן געוואָרן צו דינען מיין שעפער, דאַרף אוודאי געשפּייזט ווערן אָן צער".

ישוע הנוצרי זאָגט (מתי, ו' י"ט, כ'): „זאַמלט נישט קיינע אוצרות אויף דער וועלט, וואו דער היישעריק קאָן עס פאַרדאַרבן, און פונוואַנען גנבים קאָנען עס אַוועקגנבענען. זאַמלט אייערע אוצרות אין הימל, וואו נישט דער היישעריק און נישט די גנבים קאָנען גרייכן".

דער תּלמוד דערציילט (בבא בתרא, י"א) „עס האָט פּאַסירט, אַז דער קעניג מ ו נ ב ז האָט אין הונגער־יאָרן אויסגעבראַכט אַלע זיינע אוצרות און די אוצרות פון זיינע עלטערן פאַר די הונגעריקע. די פאַמיליע זיינע האָט אים גענומען מאַכן פאָרוואורפן, און ער האָט געענטפערט: מיינע עלטערן האָבן באַהאַלטן אונטן, איך האָב באַהאַלטן אויבן... מיינע עלטערן האָבן באַהאַלטן, וואו אַ מענטשלעכע האַנט קאָן גרייכן, איך — וואו קיין מענטשלעכע האַנט קאָן נישט גרייכן... זיי האָבן באַהאַלטן אַ זאַך, וואָס ברענגט קיין פּרוכט נישט; איך — אַ זאַך, וואָס ברענגט פּרוכט... זיי האָבן באַהאַלטן פאַר אַנדערע; איך — פאַר זיך..."

ישוע הנוצרי לערנט (מתי, ז'): „פאַראורטיילט נישט, כדי מען זאָל אייך נישט פאַראורטיילן; ווי איר משפּט אַנדערע, אַזוי וועט מען אייך משפּטן".

דאָס זעלבע געפינט זיך אין תּלמוד מערערע מאָל „במדה שאדם מודד, מודדין לו" — „ווי אַ מענטש משפּט אַנדערע, אַזוי משפּט מען אים אויך".

דער אויסדרוק „פאַרוואָס זעסטו דאָס שפּענדל אין דיין ברודערס אויג און זעסט נישט דעם באַלקן אין דיינע אייגענע אויגן" (מתּי, ז'), געפינט זיך אויך אין תּלמוד אַ פּאָר מאָל: „אומר לו טול קיסם מבין עיניך; אומר לו טול קורה מבין עיניך" (בבא בתרא, ט"ו) — ער זאָגט אים, נעם אַרויס דאָס שפּענדל פון דיינע אויגן; אין תּלמוד געפינט זיך נאָך אַן ענלעכער אויסדרוק: „קשוט עצמך ואחר כך תקשוט אחרים" — פּוץ זיך און נאָכהער וועסטו פּוצן אַנדערע.

די לערע, אַז מען דאַרף נישט ענטפערן אויף באַליידיקונגען, געפינט זיך אויך אין תּלמוד: „הנעלבים ואינם עולבים שומעים חרפּתם ואינם משיבים" און אַזוי ווייטער — די, וואָס ווערן באַליידיקט און באַליידיקן נישט, הערן ווי מען זידלט זיי און ענטפערן נישט — זיי וועלן שיינען זיבן מאָל ווי די זון.

ישוע הנוצרי לערנט: „און ווער עס רופט דעם אַנדערן „נבל" (געמיינער), וועט אַריינפאַלן אין פייער פון גיהנום".

דער תּלמוד לערנט (בבא מציעא, נ"ח): ווער עס רופט זיין חבר אַ שלעכטן נאָמען, קומט פון גיהנום נישט אַרויס. אין דעם ענין פון שעמען און באַליידיקן דעם צווייטן איז דער תּלמוד אפילו נאָך שטרענגער ווי ישוע הנוצרי (בבא מציעא, נ"ח, נ"ט).

דער קאַמף קעגן ישוע הנוצרי און די מינים האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דאַן, ווען דער היידנישער עלעמענט האָט געקריגן די אויבערהאַנט, דורך דער טעטיקייט פון הייליקן פּאַול, וועלכער האָט פאַרוואָרפן אַלע פּראַקטישע מצוות, און אויף אַזאַ אופן זיך איינגאַנצן אָפּגעריסן פון יידישקייט. אין דער זעלבער צייט איז אויך אַנטשטאַנען דער גלויבן אין דער געטלעכקייט פון ישוע הנוצריס פּערזאָן (אַ ריין היידנישע פאָרשטעלונג). די תּלמודיסטן האָבן אין דעם, און מיט רעכט, געזען אַ סכּנה פאַר דער יידישער אמונה. זיי האָבן אָנגעפאַנגען פירן אַ קאַמף קעגן דידאָזיקע צוויי פּונקטן דורך דעם, וואָס זיי האָבן איינגעפירט נייע תּקנות און גזרות, וועלכע האָבן באַצוועקט צו דערווייטערן דעם עולם פון די מינים און זייערע לערעס.

עס איז פאַרבאָטן געוואָרן צו האָבן וועלכע ס'איז מגע ומשא מיט די יידישע קריסטן, זיך מיט זיי מתחתן צו זיין, צו עסן פון זייע-

שחיטה, צו געברויכן זייער ברויט, ווײַן און בוים־אייל. א ספר־תורה, וועלכע איז געשריבן פון א מין, דאַרף פאַרברענט ווערן, טײלווייז דערפאַר, וואָס מען האָט זיי חושד געווען אין פעלשונגען.

עס זענען איינגעפירט געוואָרן פיל מנהגים; טייל פון די אַלטע זענען פאַרוואָרפן געוואָרן, כדי די מינים זאָלן נישט האָבן קיינע ראיות אויף זייערע מיינונגען.

יעדע נייגונג אָדער אָנדייטונג אויף „שתי רשויות" (טאָפּלטע געטלעכקייט) איז זייער שטאַרק פאַרפאָלגט געוואָרן. פון דעם קאַמף צווישן דעם יידישן מאָנאָטעאיזם און דעם היידנישן פּאָליטעאיזם, האָט זיך ביי די ערשטע יידישע קריסטן אַנטוויקלט דער גנאָסטיציזם, וועלכער איז אין פיל הינזיכטן ענלעך צו דער טעאָרעטישער קבלה. אויף אזא אופן האָט מען געזוכט צו דערקלערן די דריי־אייניקייט און די געטלעכקייט פון ישוע הנוצרים פּערזאָן. דידאָזיקע ריכטונג אין דער פילאָזאָפיע, וועלכע האָט געהאַט איר יניקה נאָך פון דער אַלעקסאַנדרישער שולע, איז זייער שטאַרק באַקעמפט געוואָרן. דער האַס קעגן „חכמת יונית" האָט פון דאָס ניי אָפּגעלעבט.

די משנה אין ברכות ל"ג, וועלכע לויטעט: „ווער עס זאָגט (ביי דער תפילה) „אויף דער נעסט פון א פויגל האָסטו רחמנות געהאַט", אָדער „און צו גוטן זאָל דערמאָנט ווערן דיין נאָמען", אָדער „מיר דאַנקען. מיר דאַנקען — מאַכט מען אים שטיל". — דידאָזיקע משנה איז געריכטעט קעגן די מינים, וועלכע האָבן באַהויפּטעט, אַז גאָטס מידות זענען נאָר גוטסקייט און ליבע, און האָבן דערפאַר נישט געהאַלטן פון די איבעריקע פּראַקטישע מצוות. די תלמודיסטן, דאַקעגן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז אַלע מצוות זענען וויכטיק, האָבן באַהויפּטעט, אַז גאָטס מידות זענען אומדערקלערבאַר און די אַלע פאַרבאָטן זענען גזרות. זאָגן ווידער צוויי מאָל „מיר דאַנקען, מיר דאַנקען" (מודים, מודים), האָט ארויסגערופן א חשד אויף דעם זאָגער, אַז ער גלייבט אין א טאָפּלטער געטלעכקייט.

צוליב די מינים האָט מען אויך איינגעפירט, אַז גלייך נאָכדעם ווי מען זאָגט „שמע ישראל ה' אלהינו ה' אחד" (גאָט איז איינער), זאָל מען אויך זאָגן „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" — געלויבט איז זיין נאָמען אויף אייביק, ד. ה., ער האָט נישט געהאַט, האָט נישט און וועט נישט האָבן נאָך איינעם צו זיך.

פאַרצייטן פלעגט מען צוזאַמען מיט דער קריאת שמע אויך זאָגן

די „עשרת הדברות", אָבער מען האָט עס אויפגעהערט „מפני תרעומות המינים" (ברכות, י"ב), כדי די מינים זאָלן דערפון נישט נעמען קיין ראיה צו זייער באַהויפּטונג, אַז די צען פאַרבאָטן זענען דער עיקר.

דאָ בלייבט נאָך אָנצומערקן, אַז דער דאָזיקער קאַמף איז געווענדט געווען נאָר קעגן די ערשטע יידישע קריסטן, וועלכע האָבן זיך מער אָדער ווייניקער באַטראַכט אַלס יידן און געלעבט צווישן יידן. מיט די היידנישע קריסטן זענען די יידן דעמאָלט סיי-ווי-סיי נישט געקומען אין קיינע באַציונגען און האָבן אין זיי נישט געזעען קיין שום ספּעציעלע געפאַר צו דער עקזיסטענץ פון זייער אייגענער אמונה.

## VII.

# יבנה

דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן. דער שונא האָט אַריינגעשטאָכן די שווערד אין סאַמע האַרץ פון דעם יידישן פאָלק.

שוין לאַנג, לאַנג ווי „ארץ ישראל“ האָט אויפגעהערט צו זיין אַן ארץ ישראל, אַ יידיש לאַנד, און איז נאָר געוואָרן אַן אומבאַדייטנדע רוימישע פּראָווינץ. אָבער כל זמן דאָס בית המקדש איז געשטאַנען, האָט זיך דאָס יידישע פאָלק נאָך אַלץ געפילט ביי זיך אין דער היים, האָט נאָך אַלץ געהאָפט און געגלייבט, אַז זיי וועלן קומען, זיי מוזן קומען, די בעסערע צייטן, וואָרים גאָט וועט דאָך נישט צעשטערן זיין אייגן הויז און פאַרטרייבן זיינע קינדער פון זייער לאַנד. די האַנט פון דעם שיכּורן רוימישן סאָלדאַט, וועלכע האָט אונטערגעצונדן דעם גרויסן, פּרעכטיקן טעמפּל, וואָס איז געווען דער שטאָלץ פון דעם פאָלק, די-דאָזיקע האַנט האָט אויך אָנגעמאַכט אַ חורבן אין דער נשמה פון פאָלק. די קריגער זענען געוואָרן מוטלאָז און פאַרצווייפלט. דער שיקזאַל פון יידישן פאָלק איז פאַרחתמעט געוואָרן.

שוין לאַנג, לאַנג ווי די קינדער פון יידישן פאָלק זענען געווען אין גלות ביי זייערע שכנים-פעלקער — דאָס לאַנד „יהודה“ איז געווען צו קליין, צו פאַראָרימט, צו אונטערדריקט, אַז עס זאָל קאָנען דערנערן אַלע זיינע קינדער. די יידן האָבן שוין דעמאָלט געהאַלטן דעם וואַנדער-שטעקן אין זייערע הענט און אין מאַסן עמיגרירט קיין סיריען, עגיפּטן, רוים, גריכנלאַנד און אין אַנדערע פרעמדע און וויי-טע לענדער. אָבער כל זמן דאָס בית המקדש איז געשטאַנען אין ירושלים, האָט עס די אַלע פאַרוואָגלטע און פאַרשטויסענע געהאַלטן צוזאַמען, זיי פאַראייניקט, זיי געמאַכט פילן זיך ווי איין גאַנץ, גרויס פאָלק. אין זייערע גלות-לענדער האָבן זיי געלעבט מיט זייער לאַנד, מיט זייער הייליקער שטאָט, מיט דעם בית המקדש, דער צענטער, דער אידעאַלער צענטער פון זייער נאַציאָנאַלער קולטור. זייערע הערצער

האָבן געקלאַפּט צוזאַמען מיט דעם הארץ פון דעם גאַנצן פאָלק. מיט דעם חורבן פון דעם בית המקדש איז אָבער חרוב געוואָרן דער סימ־באָל פון דער גאַנצקייט און אייניקייט פון דעם פאָלק.

דאָס איז געווען אַ געפערלעכע צייט פאַר דעם יידישן פאָלק. דער גאַנצער קיום פון פאָלק איז געשטאַנען אין געפאַר. די סכנה איז נישט געווען אַזוי פיל דערפאַר, וואָס הונדערטער־טויזנטער פון די יידישע קינדער זענען דערמאָרדעט געוואָרן און געפאַלן אין דער גרויסער רעוואָלוציע קעגן די רוימער, וואָס צענדליקער טויזנטער פון זיי זענען פאַרקויפט געוואָרן אַלס שקלאַפן און אין די שאַנדהייזער, וואָס הונדערטער פון די בעסטע און איידלסטע יידישע יונגעלייט זענען געצוואונגען געוואָרן צו קעמפן אויף דער אַרענע מיט אויסגעהונגערטע, ווילדע לייבן, כדי צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן זייערע פייניקער נישט אין דעם איז געלעגן די געפאַר: אַ גאַנץ פאָלק קאָן נישט אויף אַזאַ אופן ווערן פאַרניכטעט. די אַלע גרויזאַמקייטן זענען געווען אומפאַרמיידלעך אין יענע באַרבאַרישע צייטן, זיי זענען געווען אַ טייל פון אַ מלחמה. אויף אַזאַ ברוטאַל־ווילדן אופן זענען דעמאָלט אַלע מלחמות געפירט געוואָרן. די רוימער האָבן זייערע אַנדערע באַזיגטע פעלקער, זייערע אַנדערע קריגס־געפאַנגענע נישט פיל בעסער באַהאַנדלט אַלס די יידישע. מען קאָן אפילו זאָגן, אַז די רוימער האָבן געוויסערמאַסן אַרויסגעוויזן אַ מין גרויסמוט צו די יידן, אַ טייל פון וועלכע זיי האָבן דערלויבט צו בלייבן אויף זייער לאַנד. מיט פופציק יאָר שפּעטער איז די יידן אפילו געגעבן געוואָרן די דערלויבניש צו בויען פון דאָס ניי דאָס בית המקדש (זע גרעטץ). די פאַרפאָלגונגען קעגן די יידן זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן און אָנגענומען אַ זייער שאַרפן כאַראַקטער ערשט נאָך דער צווייטער דערפאָלגלאָזער רעוואָלוציע, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם העלדישן בר־כוכבא.

ווי געזאָגט, נישט אין דעם איז געלעגן די געפאַר. די סכנה איז פיל מער באַשטאַנען דערין, וואָס די יידן האָבן פאַרלוירן דעם צענטער, אַרום וועלכן זיי זאָלן זיך קאָנען גרופּירן און פירן זייער אייגן, זעלבשטענדיק לעבן, לויט זייער אייגענער קולטור.

אין יענער עת צרה איז געקומען צו הילף רבי יוחנן בן זכאי מיט זיין ישיבה אין יבנה. זייענדיק איינער פון די, וועלכע האָבן נישט געגלייבט אין דער מעגלעכקייט פון אַ דערפאָלגרייכער רעוואָ־לוציע קעגן די רוימער, האָט ער זיך באַצייטנס אַרויסגעקליבן פון

ירושלים און זיך באַזעצט מיט אייניקע פֿון זיינע תּלמידים אין יבנה, אַ קליין שטעטל ביים ברעג פֿון מיטללענדישן ים. נישט גלייבנדיק אין דער מעגלעכקייט פֿון אַ זעלבשטענדיק פּאָליטיש לעבן פֿאַר דעם יידישן פֿאָלק אין דער נאָענטער צוקונפֿט, האָט ער זיך גענומען צו פֿאַרשפּרייטן און פֿאַרפֿעסטיקן די תּורה, אַזוי ווי די פּרושים האָבן זי פֿאַרשטאַנען.

רבי יוחנן בן זכּאי האָט אייגנטלעך נישט געשאַפֿן קיין נייעס, ער האָט נישט אַרויסגעבראַכט קיין נייע אידעאַלן, וועלכע זאָלן באַגייסטערן און באַלעבן דאָס פֿאָלק. ער האָט נאָר געזוכט צו פֿאַרשטאַרקערן און פֿאַרגרעסערן יענעם גרויסאַרטיקן גייסטיקן בנין, דעם פֿונדאַמענט פֿון וועלכן עס האָבן געלייגט מיט יאָרהונדערטער צוריק די „אנשי כּנסת הגדולה“. ער האָט איינגעזען, אַז נאָכדעם, ווי דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן, איז געבליבן נאָר איין־איינציקער צענטער, איין איינציקער מיטל־פּונקט, וואָס קאָן האַלטן אַלע יידן צוזאַמען, און דאָס איז די תּורה, די „תּורה שבעל פּה“, די אייגנאַרטיקע יידישע קולטור.

און ער האָט אין דעם קיין טעות נישט געמאַכט. י ב נ ה איז באַלד געוואָרן דער נייער צענטער, אַרום וועלכן עס האָט זיך איינגעאָרדנט דאָס לעבן פֿון דעם יידישן פֿאָלק.

כּדי צו דערהייבן דעם בוזען פֿון י ב נ ה אין די אויגן פֿון דעם פֿאָלק, האָט רבן יוחנן בן זכּאי באַהויפּטעט, אַז יבנה איז פּונקט אַזוי הייליק ווי ירושלים גופֿא, און האָט דעריבער דאָרטן איינגעפֿירט יענע אַלע מנהגים, לויט וועלכע מען האָט זיך נוהג געווען אין ירושלים.

די ערשטע און וויכטיקסטע באַהויפּטונג זיינע איז געווען, אַז דער סנהדרין אָדער „בית דין“ אין יבנה איז פּונקט אַזוי וויכטיק און הייליק ווי דער געוועזענער סנהדרין, וואָס איז געזעסן אין בית המקדש. נישט דאָס אָרט מאַכט הייליק דעם סנהדרין, נאָר דער סנהדרין מאַכט הייליק דאָס אָרט.

ווען דאָס בית המקדש איז נאָך געשטאַנען, פֿלעגט מען אין ירושלים בלאָזן שופֿר, ווען ראש השנה פֿלעגט אויספֿאַלן שבת, בעת אין די פּראָווינציעלע שטעט פֿלעגט מען עס נישט טון. רבן יוחנן בן זכּאי האָט איינגעפֿירט, אַז אין יבנה זאָל מען יאָ בלאָזן שופֿר אין אַזאַ פֿאַל.

אין בית המקדש פלעגט מען טראָגן דעם לולב אַלע זיבן טעג, אין די פּראָווינציעלע שטעט נאָר איין טאָג. רבן יוחנן בן זכאי האָט איינגעפירט, אַז אין יבנה זאָל מען זיך נוהג זיין ווי אין בית המקדש.

אין בית המקדש פלעגן די כהנים גיין דוכנען, בענטשן דעם עולם, באָרוועס; דאָס זעלבע איז אויך איינגעפירט געוואָרן אין יבנה. דידאָזיקע און נאָך אַנדערע תקנות (זע משא ארץ ישראל, דור דור ודורשיו חלק ב׳) האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו שטעלן יבנה אויף דער זעלבער מדרגה ווי ירושלים.

די איינציקע זאַך, וואָס האָט געפעלט אין יבנה, זענען געווען די קרבנות. אָבער די קרבנות האָבן שוין לאַנג צוריק שוין מער נישט געשפּילט די זעלבע ראָלע ווי אין די אַמאָליקע צייטן, אין דעם ערשטן בית המקדש. צו פאַרדאַנקען די נביאים, וואָס האָבן געפירט אַן אַגי־טאַציע קעגן די קרבנות נאָך ביים ערשטן בית המקדש, און די פּראַק־טישע איינפירונג פון תפילות אַנשטאָט קרבנות דורך די „אנשי כנסת הגדולה״, איז דידאָזיקע פאָרם פון גאָטעס־דינסט נישט געווען מער אַזוי באַליבט ביי דעם עולם. רבן יוחנן בן זכאיס מיינונג וועגן קרבנות קאָן מען צום בעסטן אַרויסזען פון פאָלגנדער מעשה (אבות דרבי נתן, ד׳): „אַמאָל איז רבן יוחנן בן זכאי אַרויס פון ירושלים און רבי יהושע איז געגאַנגען הינטער אים. זעענדיק דאָס פאַרוויסטעטע בית המקדש, האָט ר׳ יהושע אויסגעשריגן: „וויי איז אונז, וואָס דאָס אָרט, וואו די יידישע זינד זענען פאַרגעבן געוואָרן, איז חרוב״. האָט אים אויף דעם רבן יוחנן בן זכאי געענטפערט: „זאָל עס דיר ,נישט וויי טון, מיין זון, מיר האָבן אַן אַנדערן וועג ווי אונזערע זינד צו פאַרגעבן, און דאָס איז צו טון גמילות חסדים״.

רבי יוחנן בן זכאי איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן באַלאַנגט צו די „בית הלל״. ווי דער גרינדער פון דערדאָזיקער שולע, אַזוי האָט ער אויך אויסגעמיטן זיך צו מישן אין פּאָליטיק; ער איז געווען צופרידן דערמיט, וואָס ער האָט אין יענע שווערע צייטן זיך געקאָנט אָפּגעבן מיטן לערנען און פאַרשפּרייטן די תורה, ווייל די גרויסקייט און די האָפנונג פון דעם יידישן פאָלק ליגט נאָר אין דער תורה. כאַראַקטעריסטיש פאַר רבן יוחנן בן זכאי איז זיין שפּרוך, וואָס געפינט זיך אין אבות: „ער פלעגט זאָגן, אויב דו האָסט פיל תורה געלערנט, שטאָלציר דערמיט נישט, וואָרים אויף דעם ביסטו באַשאַפן געוואָרן״.

פון רבן יוחנן בן זכאי גופא געפינען זיך פאַרהעלטנישמעסיק גאַנץ ווייניק הלכות אין תּלמוד (זע דור דור ודורשיו. חלק ב'). אָבער זיין איינפלוס אויף דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער „תורה שבעל פה" איז פונדעסטוועגן געווען זייער גרויס, טיילווייז דורך זיינע גייע תּקנות און הויפּטזעכלעך דורך זיינע גרויסע תּלמידים און זיינע תּלמידימס תּלמידים. זיי זענען עס געווען די זיילן, אויף וועלכע דער גאַנצער תּלמודישער בנין איז אויסגעבויט געוואָרן.

פון די ווייניקע דרשות פון רבן יוחנן בן זכאי, וועלכע געפינען זיך צעוואָרפן אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, איז אַרויסצוזען, אַז ער האָט געלייגט פיל מער געוויכט אויף גוטע מידות, פריינטשאַפט, שלום צווישן מענטש און מענטש, ווי אויף די רעליגיעזע צערעמאָניעס. אין זיינע דרשות זעט מען אַרויס אַ ברייטע, מענטשן־פריינטלעכע, וואַרעמע נשמה.

איך וועל דאָ ברענגען אַ פּאָר פון זיינע כאַראַקטעריסטישע דרשות: „אפילו די שטיינער (פון מזבח), וועלכע זעען נישט, און הערן נישט, און רעדן נישט, טאָרן נישט באַרירט ווערן מיטן אייזן, נאָר דערפאַר, וואָס זיי מאַכן שלום צווישן די יידן און גאָט. אַ מענטש, וואָס מאַכט שלום צווישן מאַן און פרוי, משפחה און משפחה, צווישן איין מענטש און דעם אַנדערן, מעג אוודאי זיין זיכער, אַז קיין אומגליק וועט אים נישט טרעפן".

און אָט איז זיינס אַ צווייטע דרשה: „מיט וואָס איז דאָס אויער אַנדערש ווי די אַנדערע אברים פון מענטשלעכן קערפּער?" (אַ יידישן שקלאַף, וואָס וויל נישט אַרויסגיין פריי, ווען זיין צייט קומט, דאַרף מען לעכערן דאָס אויער). „גאָט האָט געזאָגט: דאָס אויער, וואָס האָט מיך געהערט אויסרופן אויפן באַרג סיני: „כי לי כל ישראל עבדים" — צו מיר זענען די יידן קנעכט. און איז געגאַנגען און זיך געקויפט אַן אַנדערן הער, דאָסדאָזיקע אויער זאָל געלעכערט ווערן" (קידושין, כ"ב).

אין זיינע באַציונגען צו נישט יידן איז רבן יוחנן בן זכאי געווען זייער פריינטלעך. דער תּלמוד דערציילט וועגן אים: „אמרו עליו על רבן יוחנן בן זכאי שלא הקדימו אדם שלום מעולם ואפילו נכרי בשוק" — מען דערציילט אויף רבן יוחנן בן זכאי, אַז ער איז אַלע מאָל געווען דער ערשטער צו באַגריסן עמעצן, אפילו אַ נישט־ייד". אין ענינים פון צדקה און מענטשן־פריינטלעכקייט האָט ער געשטעלט די יידן און די אומות העולם אויף איין מדרגה (זע: בבא בתרא, י').

ווי אַ ריכטיקער תּלמיד פֿון הלל הזקן, האָט ער זיך אויך זייער פֿריינטלעך פֿאַרהאַלטן צו גרים און האָט אפילו איינגעפֿירט אַ תּקנה, וואָס זאָל פֿאַר די גרים מאַכן לייכטער דעם צוטריט צו יידישקייט.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז זיין ליבע צו הללס לערעס האָט געבראַכט דערצו, וואָס דער בית־דין פֿון יבנה האָט איינגעפֿירט, אַז „הלכה כּבית הלל", דער דין בלייבט ווי בית הלל לערנט. די לעגענדע דערציילט, אַז אַ בת־קול איז אַרויס און האָט אַזוי אויסגערופֿן.

ווי לאַנג רבן יוחנן בן זכּאי האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין יבנה איז נישט קלאָר. איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז ער איז דאָרט נישט געבליבן דער נשיא ביז זיין טויט. צוליב סיבות, וועלכע זענען אונז נישט אינגאַנצן באַקאַנט, האָט ער פֿאַרלאָזט יבנה און זיך באַזעצט אין אַ פֿאַרוואָרפֿן שטעטעלע, וועלכעס האָט געהייסן „ב ר ו ר ח י ל". דאָרטן האָט ער פֿאַרבראַכט זיין לעצט ביסל יאָרן, בעת אויף זיין פּלאַץ אין יבנה איז אַרויפֿגעקומען אַלס נשיא רבן גמליאל.

דערדאָזיקער רבן גמליאל איז ווייט נישט געווען אַזאַ גרויסער געלערנטער אין דער תּורה ווי רבן יוחנן בן זכּאי, דערפֿאַר איז ער אָבער געווען אַ גרעסערער יחסן און דערצו נאָך אַ רייכער מאַן. דער פֿאַקט, וואָס ער איז געווען אַן אוראייניקל פֿון הלל הזקן און האָט אָפּגעשטאַמט פֿון דער אַלטער יידישער דינאַסטיע, פֿון דער פֿאַמיליע דוד, האָט אים פֿאַרשאַפֿט גרויס אָנזעען און פֿיל כּבוד אין די אויגן פֿון פֿאָלק. דער עולם האָט צוליב דעם אים באַטראַכט אַלס די פּאַסנדסטע פּערזאָן פֿאַר אַזאַ וויכטיקן פּאָסטן ווי די „נשיאות" איז געווען. מען דאַרף נישט פֿאַרגעסן, אַז דער נשיא האָט נישט נאָר געהאַט צו זאָגן איבער ריין רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן, נאָר האָט אויך באַזעסן אַ גרויסע מאַכט איבער וועלטלעכע ענינים. די פֿירונג פֿון דעם „הויף" פֿון נשיא איז געווען פֿאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות, אַזוי, אַז אַ רייכער מאַן האָט זיך בעסער געפּאַסט דערצו. עס איז אָבער אויך זייער מעגלעך, אַז די רוימישע רעגירונג איז דאָ געקומען צו הילף רבן גמליאלן אין זיין שטרעבונג צו ווערן דער נשיא.

ווי די זאַך זאָל נישט זיין, קיין גרויסע ענדערונגען האָט רבן גמליאלס נשיאות נישט געמאַכט אין יבנה. ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק, איז ער געצוואונגען געווען זיך צו האַלטן אָן די טריט פֿון זיין פֿאָרגענגער. עס איז אמת, רבן גמליאל איז בטבע נישט געווען אַזאַ וואַרעמער פֿאָלקס־מענטש ווי רבן יוחנן בן זכּאי, ער איז געווען מער

אַריסטאָקראַט, דערצו האָט ער אין מאַנכע ענינים נוטה געווען צו די לערעס פון די שמאיאיטן. אָבער אין דער פּראַקטיק האָט ער געקאָנט גאַנץ ווייניק דורכפירן, ווייל די מערסטע אָנהענגער און תּלמידים פון רבן יוחנן בן זכאי זענען געבליבן אין דער יבנהער ישיבה און האָבן געהאַט אַזאַ געוואַלטיקן איינפלוס אויף די יונגע תּלמידי חכמים, אַז רבן גמליאל וואָלט גאַרנישט געקאָנט מאַכן קעגן זיי, ווען ער וואָלט עס אפילו געוואָלט. דער פאַקט איז, אַז זיי האָבן טאַקע געמאַכט אַ מין רעוואָלוציע קעגן רבן גמליאל און האָבן אים פאַר אַ געוויסער צייט אַראָפּגענומען פון זיין נשיאות.

*
*
*

יבנה איז געוואָרן דער נייער צענטער פון דעם יידישן לעבן. דאָרטן האָט זיך אויפגעהאַלטן דער „נשיא" און דאָרטן איז אויך געווען דער פּלאַץ פון דעם נייעם סנהדרין, דער „בית-דין של יבנה". דאָס העכסטע געריכטס-הויז אין לאַנד. אַלערליי פראַגן פון געזעץ, הן אין וועלטלעכע, הן אין רעליגיעזע ענינים, זענען דאָרט געוואָרן אָנטשידן. דערצו האָט זיך דאָרטן געפונען אויך די גרעסטע ישיבה, די גרעסטע אַקאַדעמיע פון לאַנד, וואו די יונגע תּלמידי חכמים (סטודענטן) האָבן זיך צוגעגרייט פאַר זייער צוקינפטיקער טעטיקייט, אַלס לערער און פירער פון דעם פאָלק אין זיין סאָציאַל און רעליגיעז לעבן.

איינע פון די וויכטיקסטע אויפטועכצן פון דער יבנהער אַקאַדעמיע איז באַשטאַנען דערין, צוזאַמענצוקלויבן אַלע הלכות און זיי אויפשרייבן, בדי זיי זאָלן נישט פאַרגעסן ווערן. הויפּטזעכלעך איז עס געווען דער פאַל מיט יענע אַלע געזעצן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער „עבודה" (גאָטעס-דינסט) אין בית המקדש: די „מצוות התלויות בארץ" — די געזעצן, וואָס זענען פאַרפליכטנד נאָר אין ארץ ישראל, ווי שמיטה, יובל און דעסגלייכן. פיל פון די געזעצן פון „טומאה" און אויך די געזעצן וועגן „דיני נפשות" (טויט-שטראָף). דידאָזיקע אַלע געזעצן האָבן מער נישט געהאַט קיין פּראַקטישע באַדייטונג אין לעבן און זיי האָבן דעריבער געקאָנט ווערן גיך פאַרגעסן. די צוזאַמענקלויבער פון די הלכות זענען דאָס רוב געווען אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן געזען, ווי זיי פלעגן דורכגעפירט ווערן

אין דער פּראַקטיק, ווען דאָס בית המקדש איז נאָך געשטאַנען (זע דור דור ודורשיו חלק ב׳ פּרק ה׳).

דידאַקטישע צוזאַמענגעקליבענע הלכות זענען נאָך דעמאָלט נישט סאַנקציאָנירט געוואָרן אָפיציעל, ד. ה., „תורה שבעל פּה" איז נאָך דעמאָלט אַלץ געבליבן אַ „תורה שבעל פּה" — אַ מינדלעכע איבערליפערונג, וועלכע דאַרף נישט פאַרשריבן ווערן. אָבער די זאַמלונגען זענען שפּעטער זייער גוט צונוץ געקומען ר׳ יהודה הנשיא און זיין ישיבה, וועלכע האָבן צוזאַמענגעשטעלט די „משנה". די ישיבה פון יבנה האָט אָנגעגרייט דעם מאַטעריאַל, פון וועלכן די משנה איז אויסגעבויט געוואָרן.

די אַלע אַלטע הלכות און אויך די נייע הלכות, וועלכע זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך די נייע אומשטענדן, האָבן געמוזט באַגרינדעט ווערן אויף די ווערטער אָדער דעם זין פון דער תורה גופא. דאָס איז געטון געוואָרן מיט דער הילף פון די „מידות", וועלכע הלל הזקן האָט איינגעפירט און וועגן וועלכע עס איז שוין גערעדט געוואָרן אין אַ פריערדיק קאַפּיטל. צו די אַלע מעטאָדן זענען אויך צוגעקומען מאַנכע גאַנץ נייע. דאָס איז איבערהויפּט געווען אַ צייט, ווען עס איז אַנטוויקלט געוואָרן פיל צייט און ענערגיע אויף די מעטאָדן ווי צו לערנען די תורה. צווישן דידאַקטיקע מעטאָדיקער, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, זענען געווען ר׳ נחוניא בן הקנה, נחום איש גם-זו, נחמיה העמסוני, שפּעטער ר׳ אליעזר און רבי עקיבא און אַנדערע. די דאַזיקע נייע מעטאָדן זענען נישט געווען באַגרינדעט אויף לאָגישע יסודות, נאָר אויף די אייגנטימלעכקייטן פון דער שפּראַך פון דער תורה. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אָנגעהאַנגען גאַנצע בערג פון הלכות און דרשות אויף אַן איבעריק אות אָדער וואָרט פון דער תורה. אַנדערע דאַקעגן האָבן אין דידאַקטיקע מעטאָדן נישט געגלייבט, ווייל „דברה תורה כלשון בני אדם", די תורה רעדט מיט דער שפּראַך פון אַ מענטש, וועלכער זאָגט אַמאָל איבער איין זאַך צוויי מאָל און אַזוי ווייטער, און אַז דעריבער דאַרף מען נישט אַזוי מדקדק זיין מיט דער שפּראַך. עס איז דאָ נאָר נייטיק צו באַמערקן, אַז אפילו די אַנהענגער פון דידאַקטיקע מעטאָדן האָבן זיי נאָר באַטראַכט אַלס אַ מיטל צום ציל, צו פאַראייניקן די תורה מיט דעם לעבן.

צו פאַראייניקן די תורה מיט דעם לעבן, דאָס איז אַלע מאָל געווען די הויפּט-אויפגאַבע פון די פירער פון יידישן פאָלק. דאָס איז

געחען דער פאַל מיט די „אנשי כנסת הגדולה״, די פרושים. אין דער צייט ווען דאָס בית המקדש איז נאָך געשטאַנען, און די חכמים נאָכן חורבן, כדי דאָס צו דערגרייכן האָבן זיי אפילו אונטער געוויסע אומשטענדן מבטל געווען אַ געזעץ פון דער תורה גופא, אָדער האָבן עס געגעבן אַזאַ באַדייטונג, וואָס זאָל זיך בעסער פּאַסן מיט דער נייער צייט און די ניי אומשטענדן.

זיי האָבן עס נישט באַטראַכט אַלס אַ סתירה קעגן דער תורה, ווייל זיי האָבן געגלייבט, אַז די תורה גופא האָט זיי אויף דעם געגעבן די דערלויבניש, זיי האָבן באַהויפּטעט, אַז דאָס, וואָס די תורה לערנט „און דו זאָלסט קומען צו די ריכטער פון יענע צייטן״, מיינט, אַז די תורה גיט די אויטאָריטעט צו די ריכטער פון יעדן דור צו פּסקענען אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר זייערע צייטן. זיי האָבן דעריבער אויפגעשטעלט אַלס איינעם פון זייערע גרונט-פּרינציפּן, אַז „בית דין מתנין לעקור דבר מן התורה״ — אַ בית דין מעג אויסרייסן אַ געזעץ פון דער תורה. באַטירלעך קאָן דידאָזיקע דערלויבניש נאָר געברויכט ווערן אין געוויסע אויסנאַמס-פאַלן, וואו דאָס פאַרוואַרפן פון אַ געזעץ פון דער תורה איז נייטיק טאַקע צוליב דער דערהאַלטונג פון דער תורה גופא. זיי האָבן דעריבער געדרשנט: „עת לעשות לה׳ הפרו תורתך״ — ווען די צייט פאָדערט עס פון גאָטס וועגן (ד. ה. פון דער תורה גופא וועגן), מעג מען מבטל זיין עפּעס פון דער תורה.

פיל פון די נייע תקנות, וואָס האָבן געטראָגן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער, זענען איינגעפירט געוואָרן מיט דער כוונה צו דערהייטערן דעם עולם פון אַ זאַך, וואָס איז פאַרבאָטן אין דער תורה גופא. פיל מלאכות זענען צום ביישפּיל פאַרבאָטן געוואָרן אום שבת נאָר דערפאַר, ווייל ווען זיי וועלן זיין דערלויבט, וועט מען אויך טון אַזעלכע אַרבעטן, וואָס די תורה האָט פאַרבאָטן.

אַ צווייטער, זייער וויכטיקער גרונט-פּרינציפּ, וואָס זיי האָבן געהאַט ביים איינפירן פון נייע תקנות און גזרות, איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מען טאָר נישט פאַרבאָטן אַזאַ זאַך, וואָס קאָן ברענגען דעם עולם צופיל שאָדן אָדער וואָס איז נישט דורכפירבאַר אין לעבן. זיי האָבן דעריבער געשטעלט אַלס אַ כלל: „אין גוזרין גזרה על הצבור אלא אם כן רוב הצבור יכולין לעמוד בה״ — מען איז נישט גוזר אַזעלכע גזרות, וואו די מאַיאָריטעט פון עולם קאָן זיי נישט ביישטיין.

אויב עס עקזיסטירט אַ געוויסער פאַרבאָט, וואָס דער עולם האָט

נישט דורכגעפירט, דאַרף מען אים נישט זוכן דורכצופירן קעגן דעם ווילן פון פאָלק. אין אַזעלכע פאַלן איז דער כלל: „הנח להם לישראל, מוטב יהיו שוגגין ולא יהיו מזידין״ — לאָז זיי צורו, די יידן, זאָלן זיי בעסער עובר זיין אויפן פאַרבאָט נישט וויסנדיק, איידער מיטן וויסן.

אין אַ פאַל, ווען דאָס געזעץ איז נישט קלאָר, קוקט מען, ווי דער עולם איז זיך נוהג. אין געוויסע פאַלן ברעכט דער מנהג דעם דין.

ווען די סיבה, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ געוויסע נייע איינפירונג אין לעבן, עקזיסטירט נישט מער, ווערט אויך די נייע איינפירונג בטל, דערמיט ווערט דערקלערט, וואָס מיר געפינען אין מאַנכע פאַלן, אַז איין גזרה איז איינגעפירט געוואָרן אייניקע מאָל, ווייל יעדעס מאָל, ווען די סיבות, וועלכע האָבן אַרויסגערופן די גזרה, זענען פאַרשוואונדן, איז אויך די גזרה בטל געוואָרן. מבטל זיין אַ גזרה קאָן אָבער נאָר אַן אַנדער געריכטס-הויז.

דידאַקטיקע זענען נאָר אַ טייל פון די הויפּט-פּרינציפּן, לויט וועל-כע די תלמודיסטן האָבן זיך געריכטעט ביים איינפירן פון נייע געזעצן.

יבנה איז געווען די ערשטע יידישע גרויסע אַקאַדעמיע נאָכן חורבן. שפּעטער זענען די ישיבות פאַרמערט געוואָרן, אָבער זיי אַלע האָבן זיך אויפגעפירט אויף די זעלבע גרונט-פּרינציפּן, זיך באַנוצט מיט די זעלבע מעטאָדן און געהאַט די זעלבע צוועקן. אַלע האָבן בעקריגן וייער יניקה פון יבנה.

## VIII.

# די „תורה שבעל כה“ ווערט אַ „תורה שבכּתב“

די ערשטע פּאָר צענדליק יאָרן נאָכן חורבן האָבן זיך די רוימער פאַרהאַלטן מער אָדער ווייניקער פריינטלעך צו די יידן, אַזוי פריינטלעך ווי אַ זייגרייך פאָלק האָט אין יענע ברוטאַלע צייטן געקאָנט זיין קעגן אַ באַזיגטן שונא. די רוימער האָבן זיך גאַנץ ווייניק אַריינגעמישט אין די רעליגיעזע אַנגעלעגנהייטן פון דעם יידישן פאָלק, האָבן עס געלאָזט לעבן אויף זיין אייגענעם דרך. לויט זיינע נאַציאָנאַלע מנהגים און טראַדיציעס. כּל זמן דידאָזיקע מנהגים און טראַדיציעס האָבן נישט געשטערט דעם שטאַטס-לעבן. די רוימער האָבן געהאָפט אויף אַזאַ אופן צו געווינען דעם גלויבן און צוטרוי פון דעם יידישן פאָלק. פאַר די רוימער האָט זיך נישט געלוינט צו האָבן שונאים, — און נאָך אַזעלכע פאַרביטערטע און פאַרצווייפלטע שונאים ווי די יידן זענען דעמאָלט געווען, — אין זייערע אַזיאַטישע פּראָווינצן אין אַ צייט, ווען פאַרשידענע אַנדערע געפאַרן האָבן זיך געוומען צרויכוויין אין אַנדערע געגנטן פון דער גרויסער רוימישער אימפעריע.

די רוימישע פּאָליטיק איז באַשטאַנען אין דעם, צו זען, אַז די יידן זאָלן זיך אַסימילירן, זאָלן זיך אויסמישן מיט די איבעריקע טיילן פון דער באַפעלקערונג און בילדן מיט זיך איין סאָלידע מאַסע פון טרייע רוימישע אונטערטאַנען, אין וועלכע די אימפעריע האָט זיך אַזוי געבייטיקט. אָט איז ווי ר׳ עקיבא, איינער פון די הויפּט-אָנפירער פון דער נייער רעוואָלוציע אונטער „בר-כּוכבא“, דריקט זיך אויס וועגן דעם. אַריינלייגנדיק אין די מיילער פון די רוימער די פאָלגנדע ווערטער: „מה דודך מדוד שכך אתם מתים עליו וכך אתם נהרגים עליו, הרי אתם נאים, הרי אתם גבורים, בואי והתערבו עמנו“ — וואָס איז דער יחוס מיט אייער גאָט, וואָס איר טויט זיך און ווערט דערמאָרדעט צוליב ווייגעטוועגן? איר זענט דאָך שיין, איר זענט דאָך שטאַרק, קומט, מישט זיך אויס מיט אונז.

די רוימער האָבן אָבער באַלד געקריגן די געלעגנהייט איינצו־זעען, אַז מיט זייער בּלומרשט „פריינטלעכער" פּאָליטיק קעגן די יידן קאָנען זיי גאַנץ ווייניק אויספירן; זיי האָבן באַלד איינגעזעען, אַז דאָס יידישע פאָלק וויל נישט פאַרקויפן זיין בכורה פאַר אַ טאָפּ לינזן; אַז עס האָט גאָרנישט בדעה זיך צו לאָזן איינשלינגען פון די רוימער אפילו אויף אַ „גוטן" וועג; אַז עס איז געבליבן דער זעלבער „קשה עורף", דער זעלבער האַרטנעקיקער, ווי פאַר דעם חורבן.

אין פאַרלויף פון דער קורצער צייט נאָך דעם חורבן (קנאַפּע פופציק יאָר) האָבן די יידן אָנגעווענדט אַלע זייערע כּוחות צו פאַרזיכערן זייער נאַציאָנאַלן קיום. און אויף דעם האָבן זיי זיך באַנוצט מיט דעם לאַנג אויסגעפּרוּווטן מיטל, זיי זענען געגאַנגען אויף דעם אַלטן לאַנג אויסגעטרעטענעם וועג — זיך וואָס מער און מער אָפּצוּזונדערן פון די אַרומיקע פעלקער און זיך איינשליסן אין זיך גופא. זיי האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט און פאַרפעסטיקט די דיקע מויער, וועלכע האָט זיי אָפּגעצוימט פון זייערע שכנים: די יידישע געלערנטע, די תלמידי חכמים האָבן אַוועקגעגעבן זייער גאַנץ לעבן, אַוועקגעלייגט זייער גאַנצע צייט, כּדי צוזאַמענצוקלייבן און אויפצוהיטן די אַלע אַלטע קולטורעלע אוצרות פון דעם פאָלק. די ישיבות האָבן זיך פאַרמערט, דאָס לערנען פון דער תורה איז נאָך קיינמאָל נישט אַזוי פאַרשפּרייט געוואָרן.

אָבער דאָס איז נאָך געווען ווייניק. דאָ און דאָרטן האָבן אין די ברייטע קרייזן פון דעם פאָלק און טיילווייז אויך צווישן די געלערנטע גענומען אַרויסשפּראָצן פון דאָס ניי רעוואָלוציאָנערע גייסטער, ווירדיקע נאָכפאָלגער פון די קנאים (צעלאָטן), וועלכע האָבן ווידער אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ זעלבשטענדיק פּאָליטיש לעבן פאַר דעם יידישן פאָלק, און האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט פּלענער ווי אַזוי אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם רוימישן יאָך.

דידאָזיקע רעוואָלוציאָנערע שטימונג האָט זיך אַנטוויקלט און איז פון אָנפאַנג געווען צום שטאַרקסטן נישט אין דעם אַמאָליקן ארץ ישראל, נאָר אין די רוימישע פּראָווינצן אין סיריען און עגיפּטן. נאָך לאַנג פאַרן חורבן האָבן זיך דאָרטן געפונען גרויסע, בליענדע יידישע קאָלאָניעס, וועמענס האָרץ עס האָט געקלאַפּט מיט דעם האַרץ פון דער גאַנצער אומה אין ארץ ישראל. נאָכן חורבן זענען צו זיי צוגעקומען פיל פון די אַנטלאָפענע קריגער, פאַרביטערטע און אַנטוישטע און אין

דער זעלבער צייט מיטן גלויבן, אז גאָט וועט נאָך נעמען נקמה פון „אדום" (די רוימער). די דאָזיקע יידן האָבן זיך נאָך נישט געהאַט צוגעוואוינט צום גלות־לעבן, צו אַ לעבן פון שאַנד, זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם שפּאָט פון די זיגרייכע רוימער און פון זייערע אַלטע שונאים, די גריכן. דאָס איז וואָרשיינלעך געווען די סיבה, וואָס זיי זענען באַפאַלן די גריכן און די רוימער, דערמאָרדנדיק פון זיי פיל טויזנטער.

בעת די רוימישע לעגיאָנען זענען געווען באַשעפטיקט מיט דער אונטערדריקונג פון די דאָזיקע אויפשטאַנדן, האָט מען די יידן אין ארץ ישראל גופא געלאָזט צורו. די רוימער האָבן אפנים געוואָלט אויסמיידן לעת עתה אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד, וועלכן עס וואָלט געווען פיל שווערער צו באַקעמפן. אָבער אַזוי שנעל, ווי זיי זענען פאַרטיק געוואָרן מיט יענע „בונטאָוושטשיקעס", האָבן זיי זיך גענומען צו די יידן פון ארץ ישראל. די ערשטע זאַך, וואָס זיי האָבן געטון, איז געווען צוריקצוציען די דערלויבניש צו בויען פון דאָס ניי דאָס בית המקדש, וואָס די ברידער לוליינוס און פּפּוס האָבן געהאַט אַרויסגעקריגן. די צוויי שתדלנים גופא זענען דערמאָרדעט געוואָרן און דער „הר הבית" איז פאַראַקערט געוואָרן, כדי צו באַווייזן, אַז דאָרטן וועט שוין קיינמאָל קיין בנין נישט שטיין. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט דעם עולם זייער שטאַרק אויפגעבראַכט און עס האָט געהאַלטן, אַז עס זאָל באַלד אויסברעכן אַ רעוואָלוציע. ווען ר' יהושע וואָלט זיך נישט אַריינגעמישט און אָפּגעהאַלטן פון אַזאַ איבערגעאיילטן שריט. עס איז אָבער די מיינונג פון אַ טייל היסטאָריקער (פּראָפ. דארנבערג), אַז דאָס איז געווען די ריכטיקע סיבה צו דער גרויסער רעוואָלוציע אונטער דער פירונג פון בר־כוכבא.

דאָ איז נישט דאָס אָרט צו געבן אַ באַשרייבונג פון יענער וואונדערבאַרער מלחמה, וואָס בר־כוכבא האָט געפירט קעגן רוים. דאָס איז געווען די לעצטע גרויסע שלאַכט, די לעצטע איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג פון דעם יידישן פאָלק פאַר זיין פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט, פאַר זיין פרייהייט. אַ קורצע צייט האָט עס אויסגעוויזן, אַז דאָס אוממעגלעכע וועט געשעען, אַז דאָס וואונדער פון די העלדישע מאַקאַבעער וועט זיך איבערחזרן נאָכאַמאָל אין דער פּערזאָן פון דעם העלדישן בר־כוכבא. אָבער דאָס איז נאָר געווען דאָס לעצטע אויפפלאַמען פון אַן אויסגייענד ליכט, דער לעצטער ליכטיקער קוק

פון א גוסס. צוויי און א האלב יאר האט געדויערט דידאזיקע מלחמה, צוויי און א האלב יאר האט דער רוימישער ריז געדארפט קעמפן קעגן דעם יידישן קארליק, ביזוואנען ער האט אים באזיגט, אבער ער האט אים דאך באזיגט.

דער „חורבן ביתר", ווי דערדאזיקער אויפשטאנד איז באקאנט אין תלמוד, איז געווען פיל שוידערלעכער, פיל גרויזאמער ווי דער חורבן ירושלים, און זיינע פאלגן זענען אויך געווען פיל שרעקלעכער. דער אויפגערייצטער רוימישער אדלער האט באשלאסן איינמאל פאר אלע מאל אויסצוראטן און צו פארניכטן דאס יידישע פאלק, דאסדאזיקע אומרויקע, רעוואלוציאנערע פאלק. כדי דעמדאזיקן ציל צו דערגרייכן, האבן די רוימער געטון צוויי זאכן: זיי האבן, ערשטנס, בעזעען, אז דאס יידישע פאלק זאל נישט בלייבן אויף זיין לאנד און, צווייטנס, אז עס זאל זיך נישט האלטן אן זיין קולטור, אן זיין רעליגיע.

אבער בעת די ערשטע גזרה האט זיך די רוימער איינגעגעבן, די יידן זענען פארוואגלט געווארן פון זייער לאנד אויף אלע מאל און זענען אויף אייביק געבליבן א פאלק אן א היים, האט זיך זיי אבער די צווייטע גזרה גארנישט איינגעגעבן. דאס הארטנעקיקע פאלק איז געבליבן ביי זיין תורה טראץ די אלע פארפאלגונגען, טראץ די אלע גזרות און שמדות, טראץ די שוידערלעכסטע יסורים, וואס עס האט געהאט אויסצושטיין. מיט אייזערנע צוואנגען האט מען געריסן דאס פלייש פון א רבי עקיבה, פארוואס ער האט געלערנט די תורה, אבער דאס האט נישט געהאלפן; ער האט אויסגעהויכט זיין לעצטן אטעמצוג מיט דעם אלטן אויסרוף: „שמע ישראל". די רוימער האבן פארבאטן צו געבן „סמיכה". וועלנדיק איבעררייסן די יידישע טראדיציעס, האבן זיי גוזר געווען, „אז דער, וואס גיט און נעמט „סמיכה", זאל געטויט ווערן, און די שטאט, וואו מען גיט די „סמיכה" זאל מען חרוב מאכן" (סנהדרין י"ג). עס איז פארבאטן געווארן אונטער דער שטראף פון טויט צו לערנען תורה. האט זיך אבער געפונען א ר' יהודה בן בבא, וועלכער איז אנטלאפן מיט פינף פון זיינע תלמידים צווישן די בערג, וואו ער האט זיי געלערנט די תורה און זיי געגעבן סמיכה. ווען די רוימישע סאלדאטן האבן זיך דערפון דערוואוסט און זיי זענען געגאנגען טויטן די „פארברעכער", האט דער אלטער און שוואכער ר' יהודה בן בבא געהייסן זיינע תלמידים אנטלויפן. „רבי", האבן אים די תלמידים גע-

פרעגט, „און וואָס וועט זיין מיט דיר ?" „איך", האָט ער געענטפערט, „וועל בלייבן דאָ ווי אַ שטיין, וואָס מען קאָן פון אָרט נישט רירן". „די רוימישע סאָלדאַטן", דערציילט דער תּלמוד ווייטער, „זענען פון דאָרטן נישט אַוועק, ביזוואַנען זיי האָבן נישט דורכגעלעכערט זיין קערפּער מיט דריי הונדערט שפּיזן" (עבודה זרה, ה).

און ר' עקיבא מיט ר' יהודה בן בבא זענען נישט געווען די איינציקע. די רוימישע פאַרפאָלגונגען האָבן נאָר געפירט דערצו, וואָס עס איז געבוירן געוואָרן אַ דור פון מאַרטירער, אַ דור פון גרויסע נשמות, דער דור פון די „הרוגי מלכות", וועלכע האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר זייערע איבערצייגונגען, פאַר זייערע אמתן. די רוימער איז פונקט אַזוי ווייניק, ניין, נאָך פיל ווייניקער, געלונגען צו „רוימיזירן" די יידן דורך בלוט און אייזן, ווי פריער מיט זייער כלומרשט פריינטלעכער פּאָליטיק.

די אַלע רוימישע גזרות און אויסנאַמס-געזעצן קעגן די יידן זענען מיט דער צייט עטוואָס שוואַכער געוואָרן, אָבער אָפּגעשאַפט געוואָרן זענען זיי נישט. זיי זענען געבליבן אַ געפערלעכער וואָפן אין די הענט פון די רוימישע באַאַמטע, וועלכע האָבן זיי אויפגעלעבט, ווען זיי האָבן עס געפונען פאַר נייטיק. אַזוי, צום ביישפּיל, זענען די זעלבע גזרות ווידער איינגעפירט געוואָרן אין די צייטן פון רבן שמעון בן גמליאל, דער פאָטער פון ר' יהודה הנשיא. דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, וואָס די יידישע חכמים האָבן זיך אַרומגעזעצן, אַז כדי די תורה שבעל פה זאָל נישט פאַרגעסן ווערן אין אַזעלכע ביטערע צייטן, איז נייטיק, אַז מען זאָל זי פאַרשרייבן, טראָץ דעם כלל, וואָס זיי האָבן געהאַט, אַז די טראַדיציאָנעלע געזעצן דאַרפן נישט פאַרשריבן ווערן.

די דאָזיקע גרויסע אַרבעט איז דורכגעפירט געוואָרן דורך ר' יהודה הנשיא, אָדער ווי ער איז בעסער באַקאַנט אונטער די נעמען „רבי" אָדער „רבינו הקדוש". אונטער זיין רעדאַקציע און אויפזיכט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן די „משנה", אין וועלכער עס זענען אַריינגענומען אַלע מעגלעכע הלכות, נישט נאָר אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אַ צייטלעכן ווערט, נאָר אויך די, וועלכע האָבן מער קיין פּראַקטישע באַדייטונג נישט געהאַט, וועלכע האָבן געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן נאָר אין ארץ-ישראל. דאָס איז געווען אַ מין גרויסע ענציקלאָפּעדיע פאַר אַלטע און נייע געזעצן.

* *

*

ביים צוזאַמענשטעלן די משנה האָט זיך „רבי" באַנוצט מיט דעם מאַטעריאַל, וואָס עס איז געבליבן פון די פאַרשידענע תלמידים פון רבי עקיבא, הויפּטזעכלעך אָבער מיט דער זאַמלונג, וואָס ר' מאיר האָט צוזאַמענגעשטעלט. דערדאָזיקער ר' מאיר איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע תלמידים פון ר' עקיבא, און האָט שפּעטער אַליין געהאַט אַ גרויסע ישיבה אין אוש א. אין דערדאָזיקער ישיבה האָט אויך געלערנט „רבי". ר' מאירס זאַמלונג פון די הלכות האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער קורצקייט און דער קלאָרקייט פון דער שפּראַך און מיט דער אויסמיידונג פון פּלפּול. עס איז דעריבער געבליבן דער כּלל, אַז „סתם משנה — ר' מאיר" — וואו עס ווערט געבראַכט אַ הלכה אין דער משנה און עס ווערט נישט אָנגעגעבן דער נאָמען, איז עס ר' מאירס.

די משנה איז איינגעטיילט אין זעקס „סדרים". יעדער סדר איז דאַן איינגעטיילט אין „מסכתות", וועלכע זענען ווידער איינגעטיילט אין „פּרקים".

דער ערשטער סדר איז „זרעים". דאָ זענען אַריינגעקומען אַלע הלכות, וואָס האָבן צו טון מיט אַגריקולטור, מיט לאַנד-אַרבעט, ווי צום ביישפּיל, די פראַגן וועגן מעשׂרות, תּרומה, פּאה א. ד. גל. אויך קומען דאָ אַריין די הלכות וועגן תּפילה און ברכות. די צוזאַמענשטעלער פון דער משנה האָבן געגלייבט, אַז דאָס לאַנד באַלאַנגט צו גאָט און אַלץ, וואָס וואַקסט דערויף, איז אַ מתנה פון גאָט צו די מענטשן, פאַר וועלכער די מענטשן דאַרפן אים דאַנקען און לויבן. זיי האָבן דעריבער אַריינגעשטעלט די מסכתא „ברכות" אין דעם סדר „זרעים".

דער צווייטער סדר הייסט „מועד". דאָ קומען אַריין אַלע הלכות, וואָס האָבן צו טון מיט שבת און יום טוב. די ערשטע מסכתא איז „שבת". וואו עס קומען אַריין אַלע דינים וועגן שבת; דאַן קומט עירובין, וואו די פראַגן פון טראָגן אום שבת און מאַכן אַן עירוב ווערן באַהאַנדלט. דאַן קומען די הלכות פון פּסח, ראש השנה, יום-כּפּור, סוכּות און אַזוי ווייטער.

דער דריטער סדר הייסט „נשים". דאָרטן ווערן באַהאַנדלט אַלע פראַגן, וואָס זענען נוגע דעם פאַמיליען-לעבן, ווי די פראַגן

פון יבום און חליצה, פון גטן זיך, פון קידושין, פון כתובות און דעסגלייכן.

דער פערטער סדר הייסט „נזיקין". דאָס איז אַ זאַמלונג פון געזעצן, וועלכע האָבן צו טון מיט פראַגן פון מיין און דיין, מיט פראַגן פון אייגנטום, פראַגן פון אַרבעטסגעבער און אַרבעטער א. ד. גל. אויך קומען אַהין אַריין די אַלטע יידישע געזעצן וועגן פאַרברעכער, וואָס דאַרפן באַשטראָפט ווערן מיטן טויט (דיני נפשות). אין דעמדאָזיקן סדר זענען שפּעטער צוגעקומען אַזעלכע קליינע מסכתות, יואָס באַלאַנגען גאָרנישט אַהער לויט זייער כאַראַקטער נאָך, ווי צום ביישפּיל „אבות", „אבות דרבי נתן", „מסכת סופרים" א. ד. גל.

דער פינפטער סדר הייסט „קדשים". דערדאָזיקער סדר גיט זיך אָפּ מיט די אַלע הלכות, וואָס זענען נוגע געווען די קרבנות. אויך קומען דאָרט אַריין די אַלע פראַגן פון כשר און טרפה און פון שחיטה.

דער זעקסטער סדר הייסט „טהרות". דאָס איז אַ זאַמלונג פון געזעצן, וועלכע האָבן צו טון מיט די פראַגן פון ריין און אומריין, ווי אַ פרוי דאַרף זיך נוהג זיין ביי איר „וסת", ווי זי דאַרף זיך רייניקן; ווי מען זאָל זיך נוהג זיין מיט קרעציקע, כדי אויסצוהיטן זיך פון אָנשטעקונג; ווי מען זאָל זיך נוהג זיין מיט דעם הויז, וואו איינער איז געשטאָרבן, און מיט די בגדים און חפצים, מיט וועלכע ער איז געקומען אין באַרירונג א. ד. גל. קורץ, די אַלע געזעצן, וועלכע האָבן צו טון מיט דיזינפעקציע, מיט דעם פאַרטרייבן דעם רוח הטומאה, ווי זיי האָבן עס דעמאָלט פאַרשטאַנען.

דידאָזיקע איינטיילונג פון דער משנה איז נישט געמאַכט געוואָרן פון „רבי". זי איז שוין געווען באַקאַנט פריער, ווי מען קאָן עס אַרויסזען פון פיל שטעלן אין דעם תלמוד. דער חילוק איז נאָר, וואָס פריער זענען געווען איינצלנע זאַמלונגען, קונטרסים, פון הלכות, וועלכע האָבן באַהאַנדלט פאַרשידענע קעגנשטאַנדן; איצטער זענען דידאָזיקע אַלע זאַמלונגען צוזאַמענגעקליבן געוואָרן, און עס איז פון זיי געמאַכט געוואָרן איין גאַנץ ווערק.

די הויפּט-אַרבעט פון רבי איז אַלזאָ באַשטאַנען אין דעם צוזאַמענקלייבן פון די אַלע זאַמלונגען פון הלכות, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די פאַרשידענע ישיבות, פאַרגלייכן זיי איינע מיט די אַנדערע, אויסבעסערן זייער שפּראַך און זיי ברענגען אין אַ געוויסער אָרדנונג. דאָס לעצטע איז אים נאָר טיילווייז געלונגען, נישט אין דעם

סדר ווי די מסכתות גייען איינע נאָך דער אַנדערער און נישט אין דעם סדר פון די פּרקים קאָן מען געפינען וועלכן ס'איז לאָגישן צוזאַמענ־האַנג. דאָס האָבן שוין די שפּעטערע תּלמודיסטן, די „אמוראים", אָנ־געמערקט און זיי האָבן דעריבער געמאַכט די באַהויפּטונג, אַז „אין סדר למשנה" — די צוזאַמענשטעלונג פון דער משנה איז נישט גע־מאַכט געוואָרן נאָך אַ באַשטימטן פּלאַן און אָרדנונג. אָבער אָפּגעזעען פון דעמדאָזיקן און טייל אַנדערע קלענערע פעלערן, וועלכע זענען אומפאַרמיידלעך אין אַזאַ ריזן־אונטערנעמונג, בלייבט נאָך אַלץ די „משנה" איינס פון די גרעסטע ווערק, וואָס דער געניוס פון דעם יידישן פאָלק האָט אַרויסגעגעבן.

די שפּראַך פון דער משנה איז די ניי־העברעישע. זי צייכנט זיך אויס מיט איר קלאָרקייט און טרוקנקייט. די ענינים פון געזעץ זענען צו פּראָזאַיש, אַז מען זאָל קאָנען דערצו געברויכן די בילדערדייכע ביב־לישע שפּראַך. דאַקעגן זענען די ווייניקע „אגדות", וואָס געפינען זיך אין זייער משנה (לויט א. ה. ווייס — בלויז פינף און זעכציק), געשריבן אין אַ וואַרעמער, האַרציקער שפּראַך. דער כאַראַקטער פון די „אגדות" איז אויך נישט דער זעלבער ווי אין די „אגדות" פון דער גמרא: זיי זענען מיינסטנטיילס קורצע, עפּיגראַמאַטישע מאָראַל־שפּרוכן (משלי מוסר).

אין איין וויכטיקן פּונקט צייכנט זיך די משנה אויס פון אַלע אַנדערע געזעץ־ביכער, וואָס זענען ווען געשריבן געוואָרן, און דאָס באַ־שטייט אין דעם, וואָס די מיינונג פון דעם יחיד ווערט אויך געבראַכט, הגם דער דין בלייבט נישט ווי ער. דערפון ווילן טייל פאַרשער אַרויסדרינגען, אַז רבּיס כוונה איז נישט געווען צו שאַפן אַ געזעץ־בוך, וואָס זאָל דינען אַלס אַזעלכעס, נאָר אַז ער האָט פיל מער באַ־צוועקט צו מאַכן אַ זאַמלונג פון פאַרשידענע געזעצן און מיינונגען. לויט וועלכע די צוקינפטיקע תּלמידי חכמים זאָלן זיך קאָנען ריכטן (א. ה. ווייס). פון דעם וועג ווי אַזוי ר ב י האָט צוזאַמענגעשטעלט די משנה, דערפון וואָס ער האָט פיל הלכות און מיינונגען אַרויסגעוואָרפן, איז אָבער צו זען, אַז ער האָט טאַקע באמת באַצוועקט צו מאַכן אַ געזעץ־בוך. ער האָט נאָר דאַן אַריינגעשטעלט די מיינונג פון דעם יחיד אויך, ווען ער גופא איז געווען אין צווייפל וועגן דער הלכה. אַזוי האָבן אויך פאַרשטאַנען די ערשטע „אמוראים", וועלכע האָבן דע־ריבער באַהויפּטעט „הלכה כסתם משנה". וואו די משנה פּסקנט אַ

הלכה און ברענגט נישט קיין מיינונגס-פאַרשידנהייטן, בלייבט אַזוי דער דין.

ווי עס ווייזט אויס, זענען נישט אַלע געלערנטע פון יענער צייט געווען צופרידן מיט רבים רעדאַקציע. דאָס קאָן מען זען דערפון, וואָס טייל פון זיי האָבן זיך געהאַט זייער אייגענע „משנה"; אַזוי, צום ביישפיל, איז באַקאַנט „משנת ר' חייא" — ר' חייאס משנה.

די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן דידאָזיקע אומצופרידנהייט, זענען געווען פאַרשידענע. אַ טייל איז אויסגעקומען, אַז רבי איז נישט געווען אומפּאַרטייאיש גענוג, נישט אין דעם אויסוואַל פון די חכמים, אין וועמענס נאָמען די הלכות זענען געזאָגט געוואָרן, און נישט אין פסקענען די הלכות. פיל הלכות האָט רבי, אַלס רעדאַקטאָר, אינגאַנצן אַרויסגעלאָזט פון זיין זאַמלונג.

דידאָזיקע אַרויסגעלאָזטע הלכות זענען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „ברייתות" אָדער „משניות הצוניות". אַ „משנה הצונה" אויף העברעיש אָדער „ברייתא" אויף אַראַמיש, הייסט אַן אַרויסגעלאָזטע „משנה", אַזעלכע, וואָס רבי האָט נישט אַריינגענומען אין זיין זאַמלונג. שפּעטער זענען דידאָזיקע ברייתות צוזאַמענגעקליבן געוואָרן און האָבן געקריגן דעם נאָמען „תוספתות" אָדער „תוספאות" — הוספות, ביילאַגן. דער גרעסטער טייל פון זיי געפינען זיך צעוואָרפן איבערן גאַנצן תלמוד, צווישן די פּלפּולים און די „אמוראים".

דידאָזיקע אומצופרידנקייט איז אָבער באַלד נאָכן ערשטן דור כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן. עס זענען, אמת, ווי מיר האָבן שוין פריער באַמערקט, געמאַכט געוואָרן נייע זאַמלונגען פון די אַרויסגעלאָזטע הלכות, אָבער רבי'ס משנה איז געבליבן דער גרעסטער, אויב נישט דער איינציקער, אויטאָריטעט אין אַלע ענינים, וואָס זענען נוגע צום געזעץ. איבעראַל, אין אַלע ישיבות, אין ארץ ישראל ווי אין בבל, איז רבים משנה געוואָרן דאָס איינציקע טעקסט-בוך, וועלכעס אַלע תּלמידי חכמים האָבן געברויכט אין דעם שטודיום פון דער הלכה. די „ברייתות" האָבן נאָר געדינט צו דערגענצן און דערקלערן די כוונה פון דער משנה. די שפּעטערע אמוראים, ביי וועמען עס איז געווען פאַררעכנט אַלס הייליק אַלץ, וואָס יעדער „קדמון" האָט געזאָגט, אויך די „ברייתות", האָבן אָפּגעלייגט פיל צייט און ענערגיע, כדי צו פאַרענטפערן און אויסצוגלייכן די פאַרשידענע סתירות צווישן דער משנה און די ברייתות.

*

די „תּורה שבעל פּה" איז געוואָרן פאַרשריבן; זי האָט געמוזט פאַרשריבן ווערן, כּדי זי זאָל אינגאַנצן נישט פאַרלוירן גיין. אַ לאַנגע, לאַנגע צייט האָבן די יידישע חכמים געטון אַלץ, וואָס זיי האָבן גע-קאָנט, כּדי זיי זאָלן זי נישט דאַרפן פאַרשרייבן. זיי האָבן מורא גע-האַט, אַז דורך דעם, וואָס די „תּורה שבעל פּה" וועט ווערן פאַר-שריבן, וועט זי מיט דער צייט פאַרלירן איר אָריגינעלן כאַראַקטער, דעם כאַראַקטער פון צ י י ט ל ע כ ע געזעצן, וועלכע קענען, דאַרפן און מוזן געענדערט ווערן לויט די נייע אומשטענדן פון די זיך-בייטנדיקע צייטן; זיי האָבן זיך געשראָקן, אַז דורך דעם, וואָס די „תּורה שבעל פּה" וועט פאַרשריבן ווערן, וועט זי פאַראייביקט ווערן, און זיי האָבן דעריבער געזאָגט, אַז „דברים שבעל פּה אי אתּה רשאים לאמרם בכתב" — מען טאָר די מינדלעכע געזעצן נישט פאַרשרייבן. פון איין זייט די שרעקלעכע פאַרפאָלגונגען, וואָס די יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין פון די רוימער; פון דער אַנדערער זייט די אָפוועזנהייט פון אַ צענטראַלער אויטאָריטעט, וואָס זאָל זיין גילטיק פאַר אַלע יידן אין זייערע גלות-פּלעצער, האָבן געצוואונגען ר ב י ן צו פאַרשרייבן דאָס, וואָס דאַרף נישט פאַרשריבן ווערן, צו מאַכן פון דער „תּורה שבעל פּה" אַ תּורה שבכתב.

די געפאַר, וואָס די אַלטע יידישע חכמים האָבן פאָרויסגעזען, איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. די „תּורה שבעל פּה" איז פאַראייביקט געוואָרן. די משנה איז געוואָרן פאַר די שפּעטערע „אמוראים" דאָס, וואָס די געשריבענע תּורה איז געווען פאַר די ערשטע יידישע חכמים, די „זקנים" און די „פּרושים", אַ הייליקטום, וועלכעס מ'טאָר נישט באַרירן, אַן אייביק געזעץ, וועלכעס קאָן קיינמאָל נישט געענדערט ווערן. די ב אַ ו ו ע ג ל ע כ ע, תּמיד זיך-בייטנדע, תּורה שבעל פּה איז פאַר-שטיינערט געוואָרן, צו געברויכן דעם אויסדרוק פון „אחד העם".

און פּונקט ווי די ערשטע תּלמידי חכמים האָבן זיך געגריבלט און געפּשטלט אין די ווערטער פון דער תּורה און האָבן אָנגעהאָנגען בערג איבער בערג פון נייע הלכות אויף יעדן אות, אויף יעדן פּינ-טעלע אין דער תּורה, אַזוי האָבן די שפּעטערע תּלמידי חכמים זיך געגריבלט און געפּשטלט אין דעם טעקסט פון דער „משנה", אויסצו-

געפינען נייע הלכות, נייע „מצאות און נייע איינפאלן דער סך הכל
פון די אלע דריידלעך און פלפולים, פון דערדאזיקער ווירקלעך וואונ-
דערבארער שכל-גימנאסטיק, שטעלט מיט זיך פאר יענעם טייל פון
תלמוד, וועלכער איז באקאנט אונטער דעם נאמען „גמרא"; דער טייל,
וועלכער איז אין דער ווירקלעכקייט נאר א פירוש אויף דער משנה.

# IX.

## ארבעטס-געזעצן

ווען מיר האבן דא בדעה צו רעדן וועגן ארבעטער-געזעצן אין תלמוד, מיינען מיר נאטירלעך נישט בלויז ארבעטער אין דעם ענגן זינען פון ווארט, — פראלעטאריער, ווי דאס ווארט ווערט איצטער פארשטאנען. דער פראלעטאריאט אלס א קלאס איז א פראדוקט פון דער מאדערנער צייט, פון דעם קאפיטאליזם. און אזוי ווי דער קאפיטאליזם איז נאך דעמאלט, אין ארץ ישראל, נישט געווען אנטוויקלט, זענען דעריבער דארט אזעלכע פראלעטאריער כמעט נישט געווען. די אינדוסטריע איז נאך געשטאנען אויף א נידעריקער מדרגה. פון גרויס-אינדוסטריע קאן גאר קיין רייד נישט זיין, — אין דעם דעמאלטדיקן ווירטשאפטלעכן צושטאנד פון דער געזעלשאפט האט מען עס גארנישט באדארפט; יעדער באלעבאס האט על פי רוב בלויז פראדוצירט אזוי פיל, וויפיל ער האט בייטיק געהאט פאר זיך, זיין פאמיליע און הויזהאלט. דער איינציקער אויסנאם זענען געווען די לאנד פראדוקטן, ווייל אויך דאן זענען שוין געווען קלענערע און גרעסערע גוטבאזיצער. וואס אנבאלאנגט אנדערע אינדוסטריעס, האט יעדער פראדוצירט פאר זיין אייגן געברויך, און נישט צום פארקויף. אפילו דער באלמעלאכע האט נישט פראדוצירט צום פארקויף, ער האט געארבעט אויף באשטעלונג. דער שוסטער האט געמאכט א פאר שיך, ווען מען האט זיי ביי אים באשטעלט; דאס זעלבע האט געטון דער שניידער מיטן ראק. זיי האבן אבער נישט געמאכט שיך אדער רעק סתם צום פארקויף. די באלמעלאכעס זענען אליין געווען די באלעבאטים און האבן געהאט זייער ווייניק „פועלים“; זיי האבן בלויז געהאט לערן-יינגלעך.

ווען מיר רעדן דעריבער דא וועגן ארבעטער-געזעצן, געברויכן מיר דאס ווארט ארבעטער אין ברייטסטן זינען פון ווארט. דאס איז אין זיך כולל נישט בלויז „פועלים“ (פראלעטאריער), נאר אויך באלמעלאכעס („אומנין“) און שקלאפן. די לעצטע זענען געווען די הויפט-

ארבעטער פון דער גאנצער אלטער וועלט, און יידן זענען אין דער־דאזיקער הינזיכט נישט געווען קיין אויסנאם.

דאס מאזאישע, ווי אויך דאס תּלמודישע געזעץ, אנערקענט צוויי ערליי פארמען פון שקלאפעריי: 1) דער נישט־יידישער שקלאף אדער „עבד־כנעני" און 2) דער יידישער אדער „עבד־עברי".

## דער עבד־כנעני

שקלאפעריי, אלס א געזעצלעכע איינריכטונג, אלס א פארם פון געזעלשאפטלעכן לעבן, ווערט נישט באקעמפט אין תּורת משה. דער מענטשן־פריינטלעכער געזעצגעבער, וואס רעדט שטענדיק פון יושר און גערעכטיקייט, פון רחמנות און ליבע צום אנדערן, וועלכער הייסט ליב האבן דעם פרעמדן און מאכט אלעמען גלייך פאר דעם געזעץ, האט זיך דאך נישט איינגאנצן געקאנט באפרייען פון די אנזיכטן פון זיין צייט. מענטשן האבן זיך דעמאלט בשום אופן נישט געקאנט פארשטעלן, ווי אזוי א געזעלשאפט וועט קאנען עקזיסטירן אן שקלאפן, פונקט ווי גאר פיל גוטע מענטשן פון היינטיקער צייט קאנען זיך נישט פארשטעלן א געזעלשאפט, וואו עס זאלן נישט זיין קיין קאפיטאליסטן און קיין פראלעטאריער. און אפילו א צייט שפעטער איז אזא גרויסער גריכישער פילאזאף ווי אריסטאטעל ארויסגעטרעטן פאר שקלאפעריי, דערקלערנדיק, אז א געזעלשאפט אן שקלאפן קאן גארנישט עקזיסטירן. ביי דעם דעמאלטדיקן צושטאנד פון דעם מענטשלעכן צוזאמענלעבן איז שקלאפעריי באמת געווען א נייטיקע איינריכטונג, נייטיק פאר דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט.

אבער שוין אין דער תּורת משה באמערקט זיך א נייגונג צו א פיל פריינטלעכערער און מענטשלעכערער באהאנדלונג פון דעם שקלאף, ווי דאס איז געווען דער פאל ביי די אלע אנדערע אלטע פעלקער ווי, למשל, ביי די עגיפטער, גריכן און שפעטער אויך ביי די רוימער. ביי יענע פעלקער פלעגט דער שקלאף ווערן באטראכט נישט בעסער ווי א בהמה אדער וועלכעס ס'איז אנדער חפץ, וואס באלאנגט צום אייגנטימער און וועלכער קאן דעריבער טון מיט אים, וואס ער וויל. ער האט צו זאגן אויף זיין לעבן און טויט. לויט דער תּורה אבער דארף מען באשטראפט ווערן פאר טויטן א שקלאף, און אויב דער הער

ביסהאַנדלט אים און שלאָגט אים אויס אַ צאָן אָדער אַן אויג, גייט דער שקלאַף אַרויס פריי.

די תּלמודישע געזעצגעבונג וועגן שקלאַפעריי איז אַ פיל מענטשן־פריינטלעכערע ווי דידאָזיקע פון תורת משה. פון פיל פּלעצער איז צו זעען, אַז פיל פון די תּלמודיסטן זענען אינגאַנצן געווען אומצופרידן מיט שקלאַפעריי. אָבער אָפּשאַפן שקלאַפעריי אינגאַנצן אַלס אַ געזעלשאַפטלעכע איינריכטונג האָבן די תּלמודיסטן נישט געקאָנט. דאָס האָט נישט דערלויבט דער ווירטשאַפטלעכער צושטאַנד, און דערצו וואָלטן זיי דערמיט אויך געהאַנדלט קעגן דער תּורה, זיי וואָלטן געהאַנדלט קעגן דער קאָנסטיטוציע, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן. מיר דאָ אין די פאַרייניקטע שטאַטן ווייסן גאַנץ גוט, ווי שווער עס איז איינצופירן נייע געזעצן, וועלכע זענען נישט אין איינקלאַנג מיט דער געשריבענער קאָנסטיטוציע; מיר זעען גאַנץ אָפט, ווי די פאַרטיידיקער פון דעם אַלטן זוכן שטענדיק צו באַווייזן, אַז די נייע געזעצן זענען נישט קאָנסטיטוציאָנעל, און ווי די פאַרטיידיקער פון די נייע געזעצן זענען געצוואונגען זיך צו פּשטלען און דריידלען, כּדי אַריינצוטייטשן נייע כּוונות אין די אַלטע ווערטער. אין דער זעלבער לאַגע, און אין נאָך אַ פיל שווערערער, ווייל די תּורת משה איז געווען אַ ג ע ט ל ע כ ע קאָנסטיטוציע, האָבן זיך געפונען די תּלמודיסטן. זיי האָבן שטענדיק געמוזט פירן אַ קאַמף קעגן דעם אַלטן געשריבענעם וואָרט. ווען זיי האָבן געוואָלט איינפירן נייע געזעצן, וואָס זאָלן זיך בעסער פּאַסן פאַר די נייע אומשטענדן און זאָלן זיין אין איינקלאַנג מיט די אויסגעאיידלטערע באַגריפן פון רעכט און יושר. דער קאַמף האָט אָבער אין דער זעלבער צייט געמוזט געפירט ווערן אויף אַזאַ אופן, אַז די אומבאַרירבאַרקייט און די הייליקייט פון דעם געשריבענעם וואָרט זאָל נישט ווערן פאַרשוועכט. עס פאַרשטייט זיך, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָט זיך געמוזט אויסאַרבעטן אַ גאַנצע רייע פון מעטאָדן, ווי אַזוי אַריינצופּשטלען די נייע געזעצן אין די אַלטע ווערטער.

אָפּשאַפן שקלאַפעריי אינגאַנצן האָבן אַלזאָ די תּלמודיסטן נישט געקאָנט. זיי האָבן אָבער יאָ געטון אַלץ, וואָס איז געווען אין זייערע כּוחות צו מאַכן שקלאַפעריי אַלץ אוממעגלעכער, פאַר עטוואָס אַזעלכעס, וואָס זאָל זיך אַלץ ווייניקער צאָלן. נישט באַקעמפנדיק שקלאַפעריי ט ע אָ ר ע ט י ש, האָבן זיי זי פּ ר אַ ק ט י ש פיל געשטערט. אין דער הינזיכט פון שקלאַפעריי האָבן די תּלמודיסטן געטון דאָס

זעלבע, חי אין פיל אנדערע ענינים, וואו די געזעצן פון דער תורה האָבן מער נישט איינגעשטימט מיט די נייע, מער מענטשנפריינטלעכע באַגריפן, ווי זיי האָבן צ. ב. געטון מיט דעם געזעץ פון „אויג אָנ־שטאָט אויג“ („עין תחת עין“), וואָס זיי האָבן אויסגעטייטשט, אַז דאָס מיינט געלט אין דעם ווערט פון אַן אויג.

פאַר טויטן אַ שקלאַף קומט לויט דעם געזעץ פון דער תורה באַשטראָפט צו ווערן, אָבער אין וואָס די באַשטראָפונג באַשטייט, ווערט נישט געזאָגט. קומען די תלמודיסטן און זאָגן, אַז דאָס ווערט געמיינט באַשטראָפונג מיט טויט.

לויט דער תורה איז דאָס אויסשלאָגן פון אַ צאָן אָדער אַן אויג אַ גענוגנדע סיבה צו באַפרייען דעם שקלאַף. קומען די תלמודיסטן און פשטלען אַריין אַז נישט נאָר אויג און צאָן, נאָר נאָך אַנדערע פיר און צוואַנציק גלידער, וועלכע ווערן באַשעדיקט, זענען אַ גענוגנדע סיבה צו באַפרייען דעם שקלאַף. אויב ער האַקט אים אפילו אָפּ אַ פינגער, גייט דער שקלאַף אַרויס פריי. אויב דער הער שלאָגט אים אויס אַ צאָן און מאַכט אים בלינד אויף אַן אויג, גייט ער אַרויס פריי צוליב דעם אויסגעשלאָגענעם צאָן און פאַר דעם אויג דאַרף ער באַצאָלן. ווען דער הער האָט אים אויסגעשלאָגן אַ צאָן אָדער בלינד געמאַכט אַן אויג, אָדער אַראָפּגענומען אַ פינגער, בעת ער האָט גאָר געמיינט אים צו היילן, ווערט דער שקלאַף סיי־ווי־סיי פריי.

ווען אַ ייד קויפט אַ שקלאַף, דאַרף ער אים צורעדן, אַז ער זאָל זיך מל זיין. ער קאָן אים אָבער בשום אופן נישט צווינגען דערצו. און אויב ביים סוף פון צוועלף חדשים האָט ער זיך אַליין נישט געלאָזט מל זיין, זאָל ער אים פאַרקויפן צו אַ גוי.

אויב דער שקלאַף האָט זיך אָבער יאָ מל געווען, טאָר מען אים שוין צו אַ גוי נישט פאַרקויפן. אויב מען פאַרקויפט אים יאָ, ווערט ער שוין דערמיט גופא פריי און מען צווינגט דעם געוועזענעם יידישן באַלעבאָס ער זאָל אים אויסלייזן פון גוי, אפילו ווען יענער בעט איצטער צען מאָל אַזוי פיל וויפיל ער האָט באַצאָלט פאַר אים. ווען ער פאַרמשכנט דעם שקלאַף ביי אַ גוי, ווערט ער שוין דערמיט פריי. אויב דער שקלאַף ווערט פאַרקויפט פון ארץ ישראל אין חוץ לארץ, ווערט ער פריי. ווען דער הער וויל פאַרלאָזן ארץ ישראל און מיט־נעמען זיינע שקלאַפן, מוז ער האָבן זייער צושטימונג, ער קאָן זיי נישט צווינגען צו גיין מיט אים.

אויב דער הער האָט געגעבן זיין שקלאַף אַ פרייע פרוי צום ווייב אָדער האָט אים געהייסן לייגן תפילין אָדער לייענען דריי פסוקים פון דער תורה אָדער ענלעכע אַזעלכע זאַכן, וואָס נאָר אַ פרייער מענטש איז מחויב צו טון, ווערט דער שקלאַף דערמיט גופא שוין באַפרייט, און מען צווינגט דעם הער אים צו געבן אַ באַפרייונגס־דאָקומענט.

דער גרויסער כלל אין תלמוד איז, אַז קויפנדיק אַ שקלאַף, קויפט מען בלויז זיין אַרבעט, אָבער נישט זיין קערפער. מען דאַרף מיט אים נישט אַרבעטן צו שווער; מען דאַרף אים געבן עסן און טרינקען פון אַלץ, וואָס דער באַלעבאָס עסט און טרינקט; מען דאַרף אים נישט זידלען, נישט שלאָגן; מען דאַרף אויסהערן זיינע טענות און עוולות און רעדן מיט אים פריינטלעך.

דער אַלטער שקלאַף דאַרף רעספּעקטירט ווערן. אין דער גמרא (ב״מ ס׳) ווערט דערציילט אַ מעשה פון אַן אַלטן שקלאַף, וועלכער האָט זיך אָפּגעפאַרבט זיין באָרד און האָר און איז געקומען צו רבאן, בעטנדיק אים ער זאָל אים נעמען. רבא האָט זיך אָנטזאָגט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט האָבן קיין שקלאַף. איז דער שקלאַף געגאַנגען צו רב פפא בר שמואל, וועלכער האָט אים יאָ גענומען. איינמאָל האָט רב פפא אים געבעטן, ער זאָל אים ברענגען וואַסער צום טרינקען. דער שקלאַף איז געגאַנגען און האָט אָפּגעוואַשן די פאַרב פון זיין האָר און באָרד און האָט אים געזאָגט: „זע, איך בין עלטער ווי דיין טאַטע".

## דער עבד־עברי

שקלאַפעריי פון יידן ווערט שוין אייגנטלעך פאַרבאָטן אין דער תורה. דער „עבד־עברי" איז בלויז אַ געדונגענער אויף אַ משך פון יאָרן. זעקס יאָר דאַרף ער דינען און אויפן זיבעטן גייט ער אַרויס פריי. אויב דער „יובל" טרעפט אינמיטן פון די זעקס יאָר, דאַרף ער די זעקס יאָר נישט אויסדינען. דער באַלעבאָס טאָר מיט אים נישט אַרבעטן שווער, טאָר מיט אים נישט באַפעלן ווי מיט אַ שקלאַף, און ביים סוף פון די זעקס יאָר, ווען ער גייט אַרויס פריי, דאַרף אים דער

באַלעבאָס געבן מתנות פון אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט: פון בהמות, תבואה און וויינען.

די תלמודיסטן זענען אויך בנוגע צום „עבד-עברי" געגאַנגען פיל ווייטער ווי די תורה. זיי האָבן געמאַכט אַזוי פיל שוועריקייטן פאַר דעם באַלעבאָס, אַז עס איז געוואָרן אַ ווערטל: „כל הקונה עבד עברי כקונה אדון לעצמו" — דער, וואָס קויפט זיך אַן „עבד-עברי", איז גלייך ער וואָלט געקויפט אַ הער איבער זיך.

אַ ייד טאָר נישט זיין קיין שקלאַף, ווייל גאָט זאָגט, ז י י זע-נען מיינע שקלאַפן (ד. ה. אַלע יידן זענען מיינע שקלאַפן) און נישט שקלאַפן צו שקלאַפן.

די תורה זאָגט, אַז מען דאַרף לעכערן דאָס אויער פון דעם עבד-עברי, ווען ער וויל נישט אַרויס פריי אויפן זיבעטן יאָר. דאָס איז אַפנים געווען אַ סימן פון שקלאַפעריי. דער תלמוד דערקלערט עס אָבער אויף אַן אַנדערן אופן: דאָס אויער האָט געהערט, ווי גאָט האָט געזאָגט, איר זענט מיינע שקלאַפן און נישט שקלאַפן צו שקלאַפן, און ער איז געגאַנגען און האָט זיך פאַרקויפט, דעריבער זאָל זיין אויער געלעכערט ווערן.

דער באַלעבאָס טאָר נישט שאַפן מיט דעם עבד-עברי צו טון שמוציקע אָדער מיאוסע אַרבעט; ער טאָר אים נישט הייסן נאָכטראָגן זיינע קליידער אין מרחץ, פוצן זיינע שיך וכדומה אַזעלכע אַרבעטן. דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז, וואָס דידאַזיקע „מיאוסע" אַרבעטן מעג אַ פרייער יידישער אַרבעטער יאָ טון. אָבער וויבאַלד, אַז איינער האָט זיך פאַרקויפט פאַר אַ שקלאַף און ער פילט זיך דערנידעריקט און געפאַלן, טאָר מען אים נישט לאָזן טון אַזעלכע אַרבעטן, וואָס דערמאָנען אָן שקלאַפעריי (רמב"ם, הלכות עבדים).

דער באַלעבאָס טאָר בשום אופן זיך נישט אַרויסווייזן קעגן אים אַלס אַ הערשער; ער מוז אים באַטראַכטן פאַר אַ ברודער, פאַר אַ גלייכן מיט זיך.

ער טאָר אים נישט הייסן טון אַרבעט, וואָס ער דאַרף נישט.

ער טאָר אים נישט לאָזן אַרבעטן פאַר אַנדערע.

ער טאָר דעם עבד-עברי נישט געבן קיין אַנדערע שפּייזן ווי ער געברויכט אַליין; ער טאָר אים נישט געבן קיין שוואַרץ ברויט, ווען ער עסט ווייס; ער טאָר אים נישט געבן קיין פרישן ווייַן, ווען ער אַליין טרינקט אַלטן; דער באַלעבאָס טאָר אַליין נישט שלאָפן אויף

פעדערן און לאָזן דעם עבד-עברי שלאָפן אויף שטרוי. ער דאַרף מיט אים וואוינען אין דער זעלבער דירה און זיך אויפהאַלטן מיט אים אין זעלבן אָרט.

אויב דער עבד-עברי האָט אַ פרוי און קינדער, איז דער באַלעבאָס מחויב זיי צו באַזאָרגן מיט אַלעם נייטיקן, הגם זיי זענען אינגאַנצן פריי.

דאָס איז אפנים נאָך געווען ווייניק פאַר די תלמודיסטן, און מיט איין שטריך האָבן זיי אינגאַנצן אָפּגעשאַפט יידישע שקלאַפעריי. דער אופן ווי זיי האָבן עס געטון, נישט זייענדיק אין ווידערשפּרוך מיט דער תורה, איז זייער כאַראַקטעריסטיש און באַלערנדיק. אין דער תורה שטייט, אַז דער „עבד-עברי" דאַרף אַרויס פריי אום יובל, זענען די תלמודיסטן געקומען צום שלוס, אַז „עבד-עברי" איז בלויז מעגלעך, ווען דאָס יובל-יאָר עקזיסטירט, אָבער איצטער (דאָס הייסט אין די תלמודישע צייטן נאָכן חורבן), ווען דער יובל איז בטל געוואָרן, מוז יידישע שקלאַפעריי ממילא בטל ווערן. דער יובל איז דאָך געווען אַ פּריווילעגיע פאַר דעם עבד-עברי. אויב יידישע שקלאַפעריי זאָל אָנגעהאַלטן ווערן אויך איצטער, ווען דער „יובל" עקזיסטירט נישט מער, וועט דאָך עס הייסן, אַז דער עבד-עברי פאַרלירט אַ פּריווּעליגיע, און דאָס איז דאָך אוממעגלעך.

## באַלמעלאָכעס אָדער „אומנין"

די באַציונגען צווישן דעם באַלעבאָס און דעם באַלמעלאָכע אָדער אומן זענען דיזאָזיקע, ווי צווישן צוויי גלייכבאַרעכטיקטע און גענצלאַפּטלעך גלייך-געשטעלטע מענטשן. די געזעלשאַפטלעכע לאַגע פון דעם באַלמעלאָכע ווערט אין קיינע היגזיכטן נישט באַטראַכט אַלס אַן ערגערע פון דעם באַלעבאָס. דער באַלמעלאָכע איז אַ זעלבשטענדיקער מענטש. וועלכער קאָן אליין גופא אויך ווערן באַלעבאָס צו יעדער צייט. ווען ער מאַכט פאַר יענעם אַ פּאָר שיך, למשל, איז ער דער באַלמעלאָכע; ווען יענער מאַכט פאַר אים אַ ראָק, איז ער שוין דער באַלעבאָס. דער באַלמעלאָכע איז נישט תמיד דער ארבעטס-נעמער, פּונקט ווי דער באַלעבאָס איז נישט שטענדיק דער ארבעטס-געבער. גאַנץ אָפט און ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן בייטן זיי זיך אין זייערע ראָלן. זיי שטייען דעריבער איינער צום אַנדערן אין גלייכע באַציונגען,

אין גלייכע פאַרהעלטנישן; האָבן איינער צום אַנדערן די זעלבע רעכט און פליכט; קיינער פון זיי קאָן נישט האָבן וועלכע ס'איז פּריווילעגיעס קעגן דעם אַנדערן.

דער גרויסער תּלמודישער כּלל בנוגע די אַלע סכסוכים, וואָס קאָנען אַרויסקומען צווישן באַלעבאָס און באַלמעלאָכע איז, אַז ביידע צדדים זענען גלייך געבונדן מיט דעם געשריבענעם קאָנטראַקט אָדער דעם מינדלעכן אָפּמאַך, וועלכן זיי זענען פאַרפליכטעט פּינקטלעך צו דערפילן. דער צד, וואָס האָט חרטה אָדער וויל ענדערן דעם אָפּמאַך, יענער דאַרף ליידן דעם פאַרלוסט: „כל המשנה ידו על התחתונה וכל החוזר בו ידו על התחתונה" — דער צד, וואָס ענדערט אָדער האָט חרטה, יענער האָט די אונטערהאַנט, דאָס הייסט, יענער האָט אויסצושטיין דעם פאַרלוסט.

# פּ ו ע ל י ם

גאַנץ אַנדערש שטייט עס אָבער מיט די פּועלים, מיט די פּראָסטע אַרבעטער, וואָס פאַרדינגען זיך אויפן טאָג, אויף דער וואָך אָדער אַזוי אויף וועלכן ס'איז משך פון צייט, דידאָזיקע, זייענדיק ווירטשאַפטלעך די שוואַכסטע אין דער געזעלשאַפט, זייענדיק עקאָנאָמיש צום ווייניקסטן פאַרזיכערט, זענען דעריבער באַרעכטיקט צו אַ ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט פון דעם געזעץ, וואָס נעמט זיי אונטער זיין שוץ.

דער אויבנדערמאָנטער פּרינציפּ פון „כל המשנה וחוזר ידו על התחתונה", אַז דער, וואָס ענדערט האָט די אונטערהאַנט, איז נישט גילטיק אין באַצוג צום פּועל. ביי אים איז דער כּלל „יד פּועל על העליונה", ד ע ר אַ ר ב ע ט ע ר ה אָ ט תּ מ י ד ד י א ו י ב ע ר ה אַ נ ט (ב"מ ע"ז). דער פּועל האָט די רעכט אויפצוהערן די אַרבעט, ווען ער וויל, אפילו אין מיטן טאָג, און דער אַרבעטסגעבער מוז אים אָפּצאָלן פאַר זיין אַרבעט לפי ערך וואָס עס קומט אים אַרויס. אַן אויסנאַם ווערט נאָר געמאַכט אין דעם פאַל, ווען דער אַרבעטער ווערט בעדונגען צו טון אַזאַ אַרבעט, וואָס מוז באַלד געטון ווערן און מען קאָן עס נישט אָפּלייגן אויף שפּעטער, ווייל אַז נישט וועט זיין אַ גרויסער פאַרלוסט און ווען קיין אַנדערע אַרבעטער קאָן מען אויך נישט קריגן (ב"מ ע"ה).

אינטערעסאַנט איז די דערקלערונג, פאַרוואָס דער אַרבעטער האָט

שטענדיק די רעכט חרטה צו האָבן און אויפהערן די אַרבעט: דער אַרבעטער איז אַ פרייער מענטש און נישט קיין שקלאַף (עבדי הם ולא עבדים לעבדים).

ווען איינער דינגט אַרבעטער און האָט מיט זיי אָפּגערעדט, אַז זיי זאָלן קומען פריער און אַוועקגיין שפּעטער, ד. ה., אַז זיי זאָלן אַרבעטן איבער-שעהן, איז, אויב אין יענע מקומות איז נישט דער מנהג אַזוי פיל צו אַרבעטן, קאָן ער זיי נישט צווינגען, אַפילו ווען ער האָט זיך מיט זיי באַדונגען אַ העכערן פּרייז ווי דער געוויינלעכער. די אַרבעטער קאָנען טענהן, אַז ער האָט זיי גע-געבן אַ העכערן פּרייז, כדי זיי זאָלן טון בעסער די אַרבעט.

דער אַרבעטס-טאָג איז פון זון-אויפגאַנג ביז זון-אונטערגאַנג. די צייט, וואָס דויערט דעם אַרבעטער צו קומען פון זיין וואוינונג צום אַרבעטס-פּלאַץ, גייט אויפן חשבון פון באַלעבאָס.

די שכירות פון דעם אַרבעטער מוזן באַלד באַצאָלט ווערן. אויב ער איז אַ טאָג-אַרבעטער, האָט דער באַלעבאָס צייט צו באַצאָלן די שכירות אין פאַרלויף פון דער נאַכט; אויב ער איז אַ נאַכט-אַרבעטער, מוזן די שכירות באַצאָלט ווערן אין פאַרלויף פון דעם טאָג. אויב ער אַרבעט אויף אַ לענגערן משך, אויף אַ וואָך אָדער אַ חודש וכדומה, מוזן די שכירות באַצאָלט ווערן אין פאַרלויף פון דעם טאָג, ווען דער משך ענדיקט זיך. דער פאַרבאָט נישט איינצוהאַלטן די שכירות פון דעם אַרבעטער איבער נאַכט געפינט זיך נאָך אין דער תורה. די תלמודיסטן האָבן דעמדאָזיקן פאַרבאָט נאָך שטרענגער געמאַכט, באַהויפּטנדיק, אַז ווען מען פאַרהאַלט די שכירות פון אַן אַרבעטער, איז גלייך, ווי מען וואָלט אים דערמאָרדעט (כל הכובש שכר שכור כאלו נוטל נפשו ממנו) (ב"מ קי"ב).

ווען ער דינגט אַרבעטער און רעדט מיט זיי אויס, אַז ער זאָל זיי שפּייזן, קאָנען זיי פאָדערן דאָס בעסטע, סיידן ער באַשטימט מיט זיי פאָרויס, וואָס ער וועט זיי געבן צום עסן. „עס האָט פּאַסירט", דערציילט די משנה, „אַז ר' יוחנן בן מתיאס זון האָט געדונגען אַרבע-טער און האָט זיי פאַרשפּראָכן שפּייזן. ווען דער פאָטער האָט עס דער-הערט, האָט ער אים געזאָגט: אַפילו, אַז דו וועסט פאַר זיי מאַכן אַ סעודה ווי שלמה המלך, וועסטו פאַר זיי נישט יוצא זיין, ווייל זיי זענען די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב. גיי גלייך, נאָך

איידער זיי שטעלן זיך ארבעטן, און זאג זיי, וואס דו ווערסט זיי געבן עסן".

ווי עס איז שוין אויבן באמערקט געוואָרן, איז די אינדוסטריע אין יענער צייט געווען אין א זייער נידעריקן צושטאנד. דאס רוב ארבעטער זענען געווען לאנד-ארבעטער, וואס האבן געארבעט ביי פרוכטן אדער תבואות. דידאזיקע ארבעטער האבן לויטן דין געמעגט עסן פון די בעסטע פרוכטן, תבואות און גרינסן, ביי וואס זיי האבן געארבעט. די משנה פסקענט בפירוש, אז דער ארבעטער קאָן ווארטן מיטן עסן, ביזוואנען ער קומט צו דעם בעסטן, און אז ער מעג עסן פרוכט אפילו ווען זיי קאסטן א „דינר" (אזא מטבע) א שטיק. ער מעג אויפעסן מער וויפיל זיינע גאנצע שכירות באטרעפן. די משנה גיט בלויז אן עצה, אז ער זאל עס נישט טון, ווייל אויף אזא אופן וועט אים קיינער נישט וועלן געבן קיין ארבעט (ב"מ צ"ב).

ווען ארבעטער האבן אנגעטון א שאָדן ביי דער ארבעט צוליב נאכלעסיקייט, זענען זיי על פי דין שולדיק, אבער מען דארף זיך מיט זיי באגיין לפנים משורת הדין. וועגן דעם האט די גמרא צו דערציילן פאלגנדע מעשה: ביי רבה בר בר-חנא האבן די לאסט-טרעגער צעבראכן א פאס וויין; האט ער זיי פארהאלטן זייערע בגדים. זענען זיי געגאנגען צו רב'ן, וועלכער האט געהייסן זיי צוריקגעבן די קליידער. „רבי", האבן זיי געטענהט, „מיר האבן א גאנצן טאג גע-ארבעט, מיר זענען אָרימעלייט, מיר זענען הונגעריק און מיר האבן גארנישט". „גיי און באצאל זיי די שכירות", האט רב געפסקענט (ב"מ פ"ג).

ספעציעלע ארבעטער-שוץ-געזעצן, וואס זאלן פארזיכערן דעם ארבעטער אין פאל פון אן אומגליק, געפינען זיך אין תלמוד נישט. דאס נעמט זיך דערפון, וואס לויט דעם דעמאלטדיקן צושטאנד פון דעם אינדוסטריעלן לעבן זענען אזעלכע אומגליקן כמעט געווען אן אומ-מעגלעכקייט. און ווען עטוואס זאל יא האבן וועןעס-איז פאסירט, פלעגט דער פאל באהאנדלט ווערן לויט די געזעצן פון באשעדיקונגען (נזיקין) בכלל. די דינים פון נזיקין בכלל שליסן בשום אופן נישט אויס דעם ארבעטער, וועלכער איז באשעדיקט געוואָרן ביי דער ארבעט אין דעם רשות פון דעם ארבעטסגעבער.

דער גרויסער כלל אין באשעדיקונגען איז, „אז פאר אלץ, וואס איך בין פאראנטווארטלעך, מוז איך צאָלן אין פאל פון א באשעדי-קונג" (בבא קמא ט'). דער איינציקער אויסנאם איז, ווען די באשעדי-

פוגג האָט געטראָפן אין דעם רשות פון דעם באַשעדיקער און דער באַשעדיקטער האָט נישט געהאַט אַהין אַריינצוקומען. דערדאַזיקער אויסנאַם קאָן נאַטירלעך נישט גילטן אויף דעם אַרבעטער, וועלכער קומט דאָך אין דעם רשות פון אַרבעטסגעבער מיטן לעצטנס צושטימונג.

און דער באַלעבאָס איז נישט בלויז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַן אומגליקס־צופאַל בשעת דער אַרבעט, נאָר אפילו ווען דאָס האָט פּאַסירט, ווען דער פועל איז געקומען מאָנען זיינע שכירות. דער באַלעבאָס קאָן נישט טענהן, אַז דער פועל האָט נישט געהאַט איצטער וואָס צו טון אין זיין רשות. „מפּני שרשאין פּועלין לתבוע שכרן מבעל הבית"— די אַרבעטער האָבן אַ רעכט צו קומען מאָנען זייערע שכירות פון דעם באַלעבאָס.

דאָס געזעץ וועגן דעם לויטעט אַזוי: „אַז דער באַלעבאָס איז געשטאַנען און געהאַקט האָלץ ב י י ז י ך א י ן ה ו י ף (דאָס הייסט, אין „רשות המזיק") און דער אַרבעטער איז געקומען מאָנען זיינע שכירות, האָט זיך אָפּגעבראָכן אַ שפּאָן פון דעם האָלץ און אים באַשעדיקט, איז דער באַלעבאָס שולדיק (ב"ק ל"ב, ל"ג). דער באַלעבאָס קאָן נישט זאָגן, אַז דער פועל האָט אַריינגעדרונגען אין אַ פרעמדנס רשות אָן אַ דערלויבניש, ווייל דער פועל האָט אַ רעכט צו מאָנען זיינע שכירות".

און ווען דער תלמוד פּסקנט, אַז דער באַלעבאָס איז שולדיק, ווערט דערמיט געמיינט, אַז ער דאַרף באַצאָלן פאַר פינף זאַכן:

1) נ ז ק , פאַר דעם שטענדיקן שאָדן, וואָס ער האָט אים פאַרורזאַכט, אויב ער האָט אים אויסגעבראָכן אַ האַנט, אַ פוס אָדער אַן אַנדער גליד. ער דאַרף אים דאַן באַצאָלן דעם ווערט פון דעם באַשעדיקטן גליד.

2) צ ע ר , ער דאַרף אים אויך באַצאָלן פאַר די שמערצן און יסורים, וואָס דער באַשעדיקטער האָט דערביי געליטן.

3) ר פ ו י , ער דאַרף באַצאָלן פאַר דעם דאָקטאָר און פאַר די רפואות.

4) ש ב ת , ער דאַרף אויך באַצאָלן דערפאַר, וואָס ער האָט אים געמאַכט אומפעיק צו דער אַרבעט.

5) ב ו ש ת , ער דאַרף אויך באַצאָלן פאַר דעם בזיון, וואָס ער האָט אים פאַראורזאַכט.

ווען דער באַשעדיקטער איז דערפון געשטאָרבן, דאַן ווערט דער

באלעבאס באהאנדלט לויט די געזעצן פון א „רוצח בשוגג", פון א מערדער, וואס האט איינעם געטויט אומגערן.

*　　　*

*

דאס תלמודישע געזעץ איז אן צווייפל געוויסערמאסן אויך באאיינפלוסט געווארן פון דעם רוימישן געזעץ, אבער אין עיקר איז עס א ווייטערע אנטוויקלונג פון דעם מאזאאישן געזעץ. גלייכהייט פאר דעם געזעץ, רחמנות צום אנדערן און פרעמדן, שוץ פאר דעם ארימען און שוואכערן, די רעכט פון דעם יחיד און דעם כלל — דאס זענען די הויפט־יסודות, אויף וועלכע דאס תלמודישע געזעץ איז באגרינדעט. מיט דעם אונטערגאנג פון יידישן פאלק אלס א פאליטישע קערפערשאפט, וואס זאל קאנען פירן וועלכעס ס'איז זעלבשטענדיק יורידיש לעבן, איז אויך איבערגעריסן געווארן דער גאנג פון דער ווייטערער אנטוויקלונג פון דעם יידישן געזעץ. די אלערליי הלכה־ספרים, וואס זענען פארפאסט געווארן נאך דער חתימת התלמוד, זענען בלויז איבערחזרונגען פון די אלטע געזעצן, וועלכע באשעפטיקן זיך מיט די אלטע פ רמען פון לעבן. דאס יידישע געזעץ, געגרינדעט אויף די אויבנדערמאנטע פרינציפן, האט נישט געהאט די געלעגנהייט זיך צו אנטוויקלען, אז עס זאל אויך קאנען אנגעווענדט ווערן אויפן מאדערנעם לעבן מיט די מאדערנע באדינגונגען.

די מענטשהייט האט דערביי פיל פארלוירן.

# X.

## טויט־שטראָף

די טויט שטראָף ווערט אָנערקענט פון דער תורת משה פאַר־פאַרשידענע פאַרברעכנס, נישט בלויז דאָס טויטן פון א מענטש במזיד, ווערן באַשטראָפט מיט דעם טויט. צווישן דידאָזיקע פאַרברעכנס געפינען זיך אויך אַזעלכע, וואָס זענען אין ציוויליזירטע לענדער אין היינטיקע צייטן אין גאַנצן אומבאַשטראָפבאַר, ווי פאַרשידענע פאָרמען פון זנות און בעסטיאַליטעט — פאַרברעכנס קעגן דער אָנגענומענער מאָראַל — און פאַרברעכנס קעגן דער אָנגענומענער רעליגיע, א „מסית ומדיח". דער יידישער גאָט איז געווען דער הויפט פון דעם יידישן שטאַט, דער קעניג פון פאָלק, און ווען איינער האָט געזוכט צו פאַרפירן א יחיד אָדער א גאַנצע געמיינדע צו גיין דינען אַן אַנדערן גאָט, אַן „עבודה־זרה", איז דאָס אייגנטלעך געווען א פאַרברעך קעגן דעם שטאַט.

די באַשטראָפונגען ווערן מאָטיווירט נישט אַלס א פאַרלאַנג פון נקמה מצד דער געזעלשאַפט קעגן דעם זינדיקן, נאָר ערשטנס, אַלס מיטל ווי אַזוי זיך צו באַפרייען פון שעדלעכע עלעמענטן (ובערת הרע מקרבן) און צווייטנס, אָפּצושרעקן די צוקינפטיקע פאַרברעכער (למען ישמעו וייראו). דאָ איז נישט דאָס אָרט צו דיסקוטירן די פראַגע, אויב דידאָזיקע מיטלען זענען גענוג פון אונזער היינטיקן שטאַנד־פונקט צו רעכטפאַרטיקן די טויט־שטראָף. די געזעלשאַפט קאָן געפינען מענטשלעכערע מיטלען און וועגן, ווי אַזוי צו מאַכן אומשעדלעך די פאַרברעכער. עס איז נאָך אויך נישט באַוויזן געוואָרן, אַז די טויט־שטראָף שרעקט אָפּ די פאַרברעכער. דאָס אָבער האָט נישט צו טון מיט אונזער ענין. מיר האָבן דאָ בלויז געוואָלט פאַרבייגייענדיק באַמערקן די טעאָריע פון באַשטראָפונג לויט תורת משה.

ווען מען זאָל פאַרגלייכן די מאָזאַאישע געזעצגעבונג מיט די געזעצגעבונגען פון די אַנדערע פעלקערשאַפטן אין יענער צייט, אפילו

מיט די שפּעטערע געזעצגעבונגען פון די גריכן און אויך פון די רוימער, וועט זיין לייכט צו באַווייזן, אַז די ערשטע שטייט אָן א שיעור העכער אין דעם זינען פון מענטשלעכקייט. אין דער זעלבער צייט מוז אָבער צוגעגעבן ווערן, אַז די מאָזאַאישע געזעצגעבונג בנוגע צו באַשטראָפונגען איז ווייט פון אונזערע היינטיקע באַגריפן, זי איז פּרימיטיוו. דאָס איז געווען די געזעצגעבונג פון דעם יידישן פאָלק, ווען עס האָט זיך נאָך געפונען אין א פאַרהעלטנישמעסיק נידעריקער מדרגה פון קולטור, אין א מער אָדער ווייניקער פּרימיטיוון צושטאַנד.

מיט דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן פאָלק אָבער, הויפּטזעכלעך אין די צייטן פון דעם צווייטן בית המקדש, איז פאָרגעקומען א געוואַלטיקע ענדערונג צום בעסערן און איידעלערן אין די באַגריפן פון פאָלק בנוגע צו פאַרברעכן און באַשטראָפונג. אויסער דעם שטרענגן געפיל פאַר יושר און גערעכטיקייט, פון גלייכהייט פאַרן געזעץ פאַר אָרים און רייך, איז אויך געוואָרן שטאַרק אַנטוויקלט דאָס ריין-מענטשלעכע געפיל פון רחמנות. דאָס אַלטע געזעץ פון „אויג פאַר אויג" און „צאָן פאַר צאָן", מיט וועלכן די קריסטלעכע וועלט וואַרפט אונז עד היום פאָר, איז שוין לאַנג אויסגעטייטשט געוואָרן צו מיינען די ווערט פון דעם אויג אָדער דעם צאָן. און ווען דער „נוצרי" איז געקומען מיט „זיינע" מענטשן-פריינטלעכע לערעס, האָט ער אַלץ גענומען פאַרטיק. נישט איין איינציקער געדאַנק, כמעט נישט איין-איינציקער אויסדרוק געפינט זיך אין זיין „דרשה אויפן באַרג", וואָס מען קאָן נישט געפינען אין די יידישע שריפטן. און אויב די קריסטלעכע פעלקער זענען אַזוי ווייניק באַאיינפלוסט געוואָרן פון דידאָזיקע לערעס, נעמט זיך עס אפשר טיילווייז דערפון, וואָס דער „נוצרי" און זיינע תלמידים האָבן געפּרעדיקט די אַבסטראַקטע לערעס פון ליבע און גערעכטיקייט, נישט פאַרקערפּערנדיק זיי אין געזעצן. פאַרוואַרפנדיק דאָס יידישע געזעץ, זענען זיינע אָנהענגער פון די היידנישע פעלקער געבליבן ביי זייערע אַלטע אכזריותדיקע געזעצן. די קריסטלעכקייט איז ביי זיי געבליבן בלויז א שיינער געדאַנק, אַן אַבסטראַקטע טעאָריע, אָן פּראַקטישער אָנווענדונג דורך א פּאַסנדער געזעצגעבונג.

דאָס יידישע פאָלק האָט זיך אָבער נישט באַנוגנט מיט דעם פּרעדיקן אַליין פון דידאָזיקע מענטשן-פריינטלעכע לערעס, עס האָט געזוכט זיי דורכצופירן אַזוי ווייט ווי מעגלעך אין פּראַקטישן לעבן אויך. צום בעסטן האָט מען עס אַרויסגעזען פון די געזעצן און דער

נעריכטלעכער פּראָצעדור, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן טויט־שטראָף, ווי דאָס ווערט איבערגעגעבן אין תּלמוד.

איך זאָג, ווי דאָס ווערט איבערגעגעבן אין תּלמוד, ווייל דידאַזיקע געזעצן און פּראָצעדורן שטאַמען אָפּ פון אַ פריערער צייט. אין די צייטן פון דעם תּלמוד האָבן שוין יידן נישט געקאָנט פירן קיינע פּראָצעסן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן טויט־שטראָף. שוין אפילו אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָרן פון צווייטן בית המקדש, ווען דער רוימישער אָדלער האָט זיך מיט זיין גאַנצער מאַכט אַרויפגעוואָרפן אויפן צעבלוטיקטן און אָפּגעשוואַכטן יידישן פאָלק, האָבן די יידישע געריכטלעכע אינסטיטוציעס נישט געהאַט מער צו זאָגן וועגן „דיני נפשות". די דינים און די מנהגים, וואָס געפינען זיך אין דער משנה בנוגע צו דיני נפשות, זענען אייגנטלעך נישט מער ווי אַ היסטאָרישע שילדערונג פון די פריערדיקע צייטן, און זיי זענען טאַקע געשריבן אין אַזאַ פאָרם. די תּלמודיסטן גופא זענען אַוועק נאָך ווייטער, און האָבן באַהויפּטעט, אַז אַ געריכט (בית דין), וואָס האָט פאַראורטיילט צום טויט איינמאָל אין זיבעציק יאָר, איז אַ מערדעריש. ר' טרפון און ר' עקיבא האָבן געזאָגט, אַז ווען זיי וואָלטן געווען דאָרטן (צווישן די סנהדרין), וואָלט עס קיינמאָל נישט פּאַסירט. זיי, הייסט עס, וואָלטן שוין געפינען אַ געזעצלעך דריידל, ווי אַזוי צו באַפרייען דעם פאַרברעכער.

די טויט־שטראָף איז טעאָרעטיש נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן, אויך די פאָרמען פון געריכטלעכן טויטן זענען נישט געענדערט געוואָרן, דאָס איז געווען אַן אוממעגלעכקייט. דאָס וואָלט געווען הייסן קעגן תּורת משה, קעגן דער קאָנסטיטוציע. זיי האָבן זיך אָבער אַזוי געקליגט אין שטעלן אַזעלכע אוממעגלעכע פאָדערונגען צו די עדות, צו די ריכטער א. ד. גל., אַז טויט־שטראָף איז פּראַקטיש אוממעגלעך געוואָרן. מיר וועלן דאָס דאָ איבערגעבן בקיצור:

די סנהדרין. יעדער פּראָצעס, וואו עס האַנדלט זיך אום טויט־שטראָף, דאַרף פאָרגעבראַכט ווערן פאַר אַ געריכט (סנהדרין) פון דריי און צוואָנציק געלערנטע.

זיי פלעגן זיין אויסגעזעצט אין אַ האַלבן צירקל, דער פאָרזיצנדער אין מיטן, כדי זיי זאָלן זעען איינער דעם אַנדערן און אויך כדי זיי זאָלן בעסער קאָנען באַטראַכטן די עדות. ווען זיי האַלטן אין עדות זאָגן, דריי רייען פון יונגע געלערנטע פלעגן זיצן דערביי, יעדער אויף

זיין אָרט און לויט זיין מדרגה, כדי אויב די סנהדרין וועט זיך נישט קאָנען אייניקן און וועט נישט קאָנען האָבן די נייטיקע מאַיאָריטעט, זאָל מען האָבן גלייך נאָך ריכטער ביז איין און זיבעציק. ביי די זייטן, איינער פון רעכטער זייט און איינער פון לינקער, פלעגן זיצן צוויי שרייבער, וואָס פלעגן פאַרשרייבן די אַרגומענטן פון די, וואָס זענען פאַר באַפרייונג, און פון די, וואָס זענען דאַקעגן.

דאָס ערשטע וואָרט פלעגן קריגן די, וואָס זענען געווען פאַר באַפרייונג, ערשט נאָכדעם פלעגן קומען די באַשולדיקער, מיט דער האָפנונג טאָמער וועלן די לעצטע (די „מחייבין") ווערן איבערצייגט, הערנדיק די אַרגומענטן פון די „מזכּין". ווען איינער האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג פאַר באַפרייונג, האָט ער שוין נישט געקאָנט ווערן קיין באַשולדיקער; פאַרקערט, ווען איינער האָט זיך אויסגעדריקט פאַר באַשולדיקונג, האָט ער געקאָנט בייטן זיין מיינונג און אַריבערגיין צו די „מזכּין".

אויב מען האָט אים געפונען אומשולדיק, פלעגט מען דעם פסק אַרויסגעבן דעם זעלבן טאָג; פאַרקערט, אויב מען האָט אים געפונען שולדיק, פלעגט מען דאָס אָפּלייגן אויף מאָרגן, כּדי די סנהדרין זאָל האָבן צייט זיך איבערצולייגן און צו קריגן נייע באַווייזן.

ווען עס פלעגט קומען צום אויסהערן די מיינונגען, פלעגט מען אָנפאַנגען פון קלענערן אין ווירדע, וואָרים טאָמער וועט מען אָנפאַנגען פון גרעסערן, וועלכער קאָן זיין פאַר באַשולדיקונג, וועט עס האָבן אַ צו שטאַרקן איינפלוס אויף די איבעריקע ריכטער.

אַ מאַיאָריטעט פון איינעם איז גענוג צו געפינען פאַר אומשול־דיק; מען מוז אָבער האָבן אַ מאַיאָריטעט פון צוויי צו דערקלערן פאַר שולדיק.

נישט אַלע מעגן זיין ריכטער. זיי מוזן זיין אָנשטענדיקע, געלערנטע מענטשן פון אַ גוטער פאַמיליע. אויב איינער האָט געהאַט אויף זיך אַ געלט-פּראָצעס און איז געפונען געוואָרן שולדיק, קאָן ער קיין ריכטער נישט זיין. צוויי ריכטער, וועלכע זענען זיך שונאים איינער דעם אַנדערן, טאָרן נישט זיצן אין דעם זעלבן געריכט, ווייל אויס שנאה קאָן איינער וועלן איבערשפּאַרן דעם אַנדערנס מיינונג.

די ריכטער מוזן זיין גוטע, באַרמהאַרציקע מענטשן. אַן אכזר טאָר נישט זיין קיין ריכטער. אַן אַלטער מאַן, וואָס האָט שוין פאַרגעסן דעם

צער פון האַדעוועץ קינדער, אַזעלכער, וואָס קאָן קיין קינדער נישט האָבן, אַזאַ, וואָס האָט נישט קיין קינדער, קאָן נישט זיין קיין ריכטער אין „דיני נפשות".

די  ע ד ו ת . אומשטאַנדס-באַווייזן ווערן נישט אָנערקענט. עס מוזן זיין ווייניקסטנס צוויי עדות, וואָס זאָלן האָבן אַליין געזעען די טאַט. עס איז אויך נייטיק, אַז די עדות זאָלן דעם פאַרברעכער ג ע וואָ ר ע נ ע ן (מתרה זיין), אַז פאַר דעם פאַרברעך קומט טויט-שטראָף. אָן אַזאַ „התראה" קאָן ער נישט פאַראורטיילט ווערן צום טויט. עס ווערט דערציילט אַ מעשה פון ר' שמעון בן שטח (דער הויפּט פון די סנהדרין, ווען האָט געלעבט אין קעניג ינאיס צייטן), אַז ער האָט אַמאָל געזעען, ווי איינער האָט דערמאָרדעט אַ צווייטן. ער האָט אָבער גאָרנישט געקאָנט טון דעם מערדער, ווייל מען מוז האָבן צוויי עדות.

נישט אַלע קאָנען זיין עדות: פרויען, מינדעריעריקע, שוואַכזיניקע קאָנען קיין עדות נישט זיין. אַלערליי נאָענטע קרובים, סיי פון זיין צד, סיי פון דעם ווייבס צד, זענען פסול. ער אַליין קאָן נישט אַרויסטרעטן קעגן זיך; אויף זיין אייגן דערקלערן זיך פאַר שולדיק, קאָן ער נישט פאַראורטיילט ווערן צום טויט, ווייל מען איז אים חושד, טאָמער וויל ער אויף אַזאַ אופן באַגיין זעלבסטמאָרד. אויב די עדות זענען קרובים איינע צו די אנדערע, זענען זיי פסול.

די עדות מוזן זיין ערלעכע, אָנשטענדיקע מענטשן. אויב איינער האָט געטון אַן עבירה, וואָס קומט דערפאַר „מלקות", איז ער פסול צום עדות. אויב עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינער האָט אַמאָל געזאָגט פאַלש עדות אפילו אין געלט-זאַכן, איז ער פסול. אויב איינער ציט היונה פון קאָרטן-שפילן אָדער ענלעכס, איז ער פסול. אויב איינער גיט אָדער נעמט געלט אויף פראָצענט, איז ער פסול. מענטשן, וואָס האָבן צו-שטאַרק ליב געלט אָדער וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן נישט ערלעך אין געלט-זאַכן, זענען פסול.

ווען דאָס געריכט (די סנהדרין) האָט זיך שוין געהאַט אָרגאַניזירט, פלעגט מען אַריינרופן די עדות און זיי אָנהייבן אָנצושרעקן. „איר זאָלט וויסן זיין, אַז איר קאָנט זאָגן בלויז דאָס, וואָס איר האָט אַליין געזעען. טאָמער זענט איר זיך משער, טאָמער האָט איר עס געהערט פון אַן אַנדערן עדות, טאָמער פאַרלאָזט איר זיך, וואָס איר האָט געהערט פון אַ באַגלייבטן מענטש, דאָס אַלץ איז נישט גילטיק. זייט

וויסן, אַז מיר וועלן דאָס אַלץ אויסגעפינען ביים קרייז-פאַרהער. איר דאַרפט וויסן, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן געלט-זאַכן, דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשלעך לעבן. נישט בלויז זיין בלוט, נאָר דאָס בלוט פון די אַלע אַנצאָליקע דורות, וואָס קאָנען פון אים אַרויסקומען, וועט זיין אויף אייערע קעפּ. עס איז נישט בלויז דאָס לעבן פון אַן איינצל-נעם מענטש, נאָר פון אַ גאַנצער וועלט". אין דער זעלבער צייט ווערט זיי געזאָגט, אַז זיי דאַרפן זיך נישט שרעקן, אויב זיי וועלן זאָגן דעם ריינעם אמת, און אַז דאָס איז זייער פליכט.

נאָך דערדאָזיקער „אָנשרעקונג" פלעגט זיך אָנהייבן דער קרייז-פאַרהער פון די עדות. דער קרייז-פאַרהער איז געווען זייער אַ שטרענ-גער, און וואָס שטרענגער ער איז געווען, אַלץ בעסער. מען פלעגט זיי אַריינבעמען איינעם נאָך דעם אַנדערן. מען פלעגט אים פרעגן אין וועלכער שמיטה פון יובל, אין וועלכן יאָר פון שמיטה, אין וועלכן חודש, אין וועלכן טאָג, אין וועלכער שעה, אין וועלכן אָרט; צי דער-קענט ער אים, צי האָט ער אים געגעבן התראה וכדומה אַזעלכע פראַגן. די אויפגאַבע פון די אַלע פראַגן איז געווען צו צעטומלען די עדות, אויב זיי זאָגן ליגנט. אויב זיי האָבן זיך סותר געווען אין זייער עדות, איז דער באַשולדיקטער באַפרייט געוואָרן.

אויב זייער עדות האָט געשטימט אין אַלע איינצלהייטן, פלעגן די ריכטער זיך אָנהייבן מתוכח זיין אין דעם סדר, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט. דאָ איז בלויז כדאי צו באַמערקן, אַז אויב אַלע האָבן אים א י נ ש ט י מ י ק געפונען פאַר שולדיק, האָט מען אים נישט געקאָנט פאַראורטיילן צום טויט. דאָס איז מסתמא דערפאַר, וואָס אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָט דאָך דער באַשולדיקטער נישט געהאַט קיין פאַרטיידיקונג.

ד י ה י נ ר י כ ט ו נ ג. ווען דער פּראָצעס האָט זיך געענדיקט, און דער אָנגעקלאָגטער איז געפונען געוואָרן שולדיק, פלעגט מען אים פירן צום הינריכטונגס-פּלאַץ, וועלכער איז געווען אַ געוויסע שטרעקע פון געריכטס-הויז. אַ מאַן מיט אַ פאָן אין האַנט פלעגט שטיין לעבן דעם געריכטס-הויז. נישט ווייט פון אים אויף אַ שטרעקע, אַז ער זאָל קאָנען זעען דעם פּלאַץ, פלעגט שטיין אָנגעגרייט אַ מאַן מיט אַ פערד. טאָמער האָט איינער פון די ריכטער געזאָגט, אַז ער האָט אַ פאַרטיידיקונג פאַר דעם פאַראורטיילטן, פלעגט דער מאַן אויפהייבן די פאָן און דער רייטער פלעגט לויפן צוריקברענגען דעם פאַראורטיילטן,

און נישט בלויז ווען איינער פון די ריכטער, נאָר אפילו ווען דער פאַר־אורטיילטער גופא האָט געזאָגט, אַז ער האָט פאַר זיך אַ פאַרטיידיקונג, פלעגט מען אים פירן צוריק אין געריכטס־הויז, וואו די ריכטער פלעגן אים אויסהערן.

האָט מען אויסגעפונען, אַז די פאַרטיידיקונג איז באַגרינדעט, פלעגט מען אים באַפרייען, ווען נישט פלעגט מען אים פירן צו דער היגריכטונג. אַ העראָלד פלעגט לויפן פאָרויס און אויסרופן: „יענער און יענער גייט ווערן היגגעריכטעט, ווייל ער איז באַגאַנגען יענעם און יענעם פאַרברעכן; ווער עס האָט וואָס צו זאָגן צו זיין גונסטן, זאָל קומען און זאָגן".

דער פאַראורטיילטער פלעגט קריגן פריער אַ כוס ווייַן, אין וועלכן מען פלעגט אַריינטון אַזאַ געווירץ (דראָג), וואָס זאָל אים פאַרטויבן, כדי ער זאָל פאַרלירן דאָס באַוואוסטזיין און זאָל נישט פילן די שמערצן. די ירושלימער פרויען פלעגן שוין דערמיט באַזאָרגן די אומגליקלעכע.

די ריכטער האָבן נישט געטאָרט עסן אין דעם טאָג פון דער היגריכטונג. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון צער אויף דעם, וואָס מענטשלעך בלוט ווערט פאַרגאָסן. די תלמודיסטן האָבן אויסגעטייטשט דעם פסוק „לא תאכלו על הדם", איר זאָלט נישט עסן, ווען מענטשלעך בלוט ווערט פאַרגאָסן.

דאָ האָבן מיר איבערגעגעבן אין גאַנץ קורצע שטריכן די געריכטלעכע פּראָצעדור ביי יידן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן טויט־שטראָף, ווי דאָס ווערט איבערגעגעבן אין תלמוד (סנהדרין און מכות). יעדער איינער קאָן זעען, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז די טויט־שטראָף געווען אוממעגלעך. אויף אַזאַ אופן וואָלט אָבער געמוזט אויסקומען, אַז מערדער זאָלן אינגאַנצן בלייבן אומבאַשטראָפט. דאָס האָבן די תלמודיסטן איינגעזען, און ס'איז דעריבער געמאַכט געוואָרן אַן אויסנאַם אין באַצוג צו מערדער. אַלע אַנדערע פאַרברעכער, וועלכע עס פלעגט קומען די טויט־שטראָף, פלעגן אינגאַנצן אַרויס פריי, אויב מען האָט געריכטלעך נישט געקאָנט באַווייזן זייער שולד, לויט דעם דין נאָך. דעם מערדער אָבער, ווען מען האָט געוואוסט זיכער, אַז ער איז באַגאַנגען דעם מאָרד, נאָר מען האָט עס נישט געקאָנט באַווייזן געריכטלעך — מיט גענוגנדע צאָל עדות און מיט התראה — פלעגט מען אַריינזעצן אין תפיסה, וואו מען האָט אים געהאַלטן אויף ברויט און וואַסער (סנהדרין פ"א).

ביים ענדע ווען מיר בלויז באמערקן נאך א פאר געזעצן בנוגע צו טויט-שטראף.

א משוגענעם קאן מען נישט משפטן.

ווען עטלעכע מענטשן האבן אנטיילגענומען אין א מארד, טאר מען זיי אלע אויף אמאל, טיי אייגער נאך דעם אנדערן, קאן מען זיי נישט פארורטיילן צום טויט (סנהדרין ע״ח).

ווען איינער באאיינפלוסט דעם אנדערן צו באגיין א מארד, איז שולדיק דער, וואס באגייט דעם מארד און נישט יענער, וואס רעדט אים צו.

מען דארף נישט זיין קיין גרויסער יידישער פאטריאט, כדי צו באהויפטן, אז די יידישע געזעצן וועגן טויט-שטראף מיט צוויי, דריי און צוואנציק יארהונדערטער צוריק, זענען געווען פיל הומאנישער, פיל מענטשלעכער, ווי די געזעצן פון די מיינסטע ציוויליזירטע לענדער היינטיקן טאג.

און דאך הייסט עס, אז מיר זענען די אכזורים, די אנהענגער פון „אויג פאר אויג און צאן פאר צאן״-געזעץ.

דאס איז די איראניע פון דער געשיכטע.

# די עטיק

רעדן וועגן דער מאָראַל פון דעם תלמוד אַלס עטוואָס באַזונדערס און אומאָפּהענגיקס, אַלס אַ זאַך פאַר זיך אַליין, האָט נישט קיין שכל, נישט מיט פריער און נישט מיט שפּעטער, איז אַן אומזין און היסטאָריש נישט אמת. דער תלמוד בכלל איז נישט קיין נייע זאַך, נישט קיין נייע תורה. ער איז גיכער אַ פּירוש אויף דער אַלטער תורה, אויף דער ביבל. ער איז אָבער אַזאַ פּירוש, וואָס האָט זיך געפּאַסט פאַר די נייערע צייטן, פאַר די צייטן, אין וועלכע ער איז געשאַפן געוואָרן, לויט די נייערע באַגריפן און אומשטענדן, לויט די נייערע פאָדערונגען פון לעבן, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און אַנדערע. זייענדיק אַ נייער פּירוש אויף דער ביבל, איז ער נאַטירלעך נישט איינס און דאָס זעלבע וואָס די ביבל, אָבער בשום אופן נישט אָפּגעטיילט און אָפּגעריסן פון איר. ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ געוויסע פאַזע אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, אַ געוויסן צושטאַנד אין דער אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק.

און דאָס, וואָס איז אמת בנוגע דעם תלמוד בכלל, איז נישט ווייניקער אמת בנוגע די מאָראַל פון תלמוד בפרט. די תלמודישע מאָראַל דאַרף באַטראַכט ווערן נישט אַלס עטוואָס זעלבשטענדיקס און אומאָפּהענגיקס, נאָר אַלס אַ ווייטערע אַנטוויקלונג פון דער ביבלישער מאָראַל, אַ ווייטערע אַנטוויקלונג, אָבער נישט אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון איר. די תלמודישע מאָראַל איז אַזוי ווי אַ רינג אין אַ קייט, אמת, אַ זייער וויכטיקער און באַדייטנדער רינג, אָבער דאָך נישט מער ווי אַ רינג. די קייט הייבט זיך אָן פון די עלטסטע צייטן פון דער יידישער געשיכטע, שפּורן, פון וועלכע מען קאָן נאָך געפינען אין די עלטסטע טיילן פון דער ביבל. זי באַקומט אַלץ נייע רינגעלעך אין די שפּעטערע צייטן, ווי מען זעט עס אין די שפּעטערע טיילן פון דער ביבל, אין דער נביאימשער ליטעראַטור, אין דער פאַר-תלמודיש-

מישער ליטעראַטור, דאַן אין דער תּלמודישער, ענדלעך אין דער נאָך־תּלמודישער ביזן היינטיקן טאָג. דאָס יידישע פאָלק האָט געלעבט און זיך אַנטוויקלט, און צוזאַמען מיט אים האָבן זיך אויך אַנטוויקלט זיינע מאָראַלע באַגריפן, כאָטש די הויפּט־יסודות זענען געבליבן מער אָדער ווייניקער די זעלבע.

שוין אין דער ביבל גופא מערקט מען אָן ענדערונגען אין די מאָראַלע באַגריפן פון דעם יידישן פאָלק, וועלכע זענען אָפּהענגיק פון דער פריערדיקייט אָדער שפּעטערדיקייט פון דער צייט. לאָמיר נעמען פאַר אַ ביישפּיל מלחמה. בשעת די יידן האָבן זיך געפונען אויף אַ נידעריקער מדרגה פון קולטור, ווען זיי זענען נאָך געווען פּרימיטיוו און באַרבאַריש, זענען זייערע מלחמות אויך געווען ווילד און באַרבאַריש. זיי האָבן זיך אויסגעדריקט אין דעם באַרימטן „לא תחיה כל נשמה". אַלץ דאַרף געטויט און פאַרניכטעט ווערן. מיט עטלעכע הונדערט יאָר שפּעטער, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט שוין געהאַט דערגרייכט אַ גרויסע מדרגה פון גייסטיקער קולטור, ווען עס איז שוין געווען אונטער דעם איינפלוס פון די הומאַנישע לערעס פון די נביאים, האָבן זיך אינגאַנצן געביטן די אָנזיכטן וועגן מלחמה. ווען מען גייט אויף מלחמה, איז שוין דעמאָלט געלערנט געוואָרן, דאַרף מען פריער אויפפאָדערן דעם שונא צום שלום. ווען מען באַלאַגערט אַ שטאָט, טאָר מען נישט אויסהאַקן קיין פרוכט־ביימער. נאָר פריייוויליקע, וואָס האָבן דערצו נישט קיין ווייבע הערצער און זענען נישט שרעקעדיק, דאַרפן גענומען ווערן. דער שרייבער פון ספר „דברים" זאָגט שוין אויסדריקלעך, אז דער „לא תחיה כל נשמה" גייט בלויז אויף די זיבן פעלקער, וואָס האָבן געוואוינט אין ארץ ישראל. די תּלמודיסטן האָבן באַמערקט דעם געהאַלטיקן אונטערשיד אין דער שטעלונג פון דער תּורה בנוגע צו דער מלחמה. זיי האָבן אָבער דידאָזיקע ענדערונג נישט געקאָנט באַטראַכטן פון אַ קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, ווייל פאַר זיי זענען אַלע טיילן פון דער תּורה גלייך געגעבן געוואָרן פון גאָט. זיי האָבן דעריבער געזוכט צו פאַר־ענטפערן די קשיה דערמיט, וואָס זיי האָבן געמאַכט אַ חילוק צווישן אַ „מלחמת מצווה" (אַ מלחמה, וואָס גאָט האָט געהייסן) און אַ „מלחמת רשות" (אַ מלחמה, וואָס ווערט אונטערגענומען פריייוויליק). די מלחמה קעגן די „זיבן פעלקער", וואָס האָבן באַוואוינט ארץ ישראל איז געווען אַ מוז־מלחמה, ווייל גאָט האָט אַזוי געהייסן און ער אַליין האָט געהייסן זיי פאַרניכטן. די איבעריקע מלחמות זענען אָבער נישט קיין מוז־

ולחמות און דערפאַר, הייסט עס, איז דער דין אַנדערש. אַזעלכע ניישפילן וועגן די געענדערטע מאָראַלע באַגריפן קאָנען געבראַכט ווערן אָן אַ שיעור.

די יידישע מאָראַל איז אַלזאָ דורכגעגאַנגען פאַרשידענע מדרגות פון אַנטוויקלונג. די תלמודישע מאָראַל איז די יידישע מאָראַל אין אַ געוויסער היסטאָרישער עפּאָכע, וועלכע איז אָבער ענג פאַרבונדן מיט דער פריערדיקער און איבט פון איר זייט אויס אַן איינפלוס אויף דער שפּעטערדיקער. דאָ איז נישט די אויפגאַבע צו באַווייזן, ווי אַזוי די תלמודישע מאָראַל האָט אַרויסגעשפּראָצט און זיך אַרויסאַנטוויקלט פון דער ביבלישער. די אויפגאַבע איז אַ פיל קלענערע: צו געבן בקיצור אַ באַשרייבונג פון דער דאָזיקער מאָראַל.

* *

*

עס איז אַ וואויל-באַקאַנטער פאַקט, אַז די ביבל באַשעפטיקט זיך נישט מיט ריין ספּעקולאַטיווע פראַגן. זי גריבלט זיך נישט וועגן דעם „עצם" און דעם „מהות" פון דער גאָטהייט; זי רעדט אפילו נישט וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער מענטשלעכער נשמה און וועגן אַ לעבן נאָכן טויט. אַלערליי פּירושים, דערקלערונגען און חקירות זענען וועגן דעם געמאַכט געוואָרן. טייל חילן דערפון אַרויסדרינגען, אַז די יידן זענען אין יענער צייט געווען צו ווייניק אַנטוויקלט, כדי זיך צו קאָנען פאַרטיפן אין ריין-פילאָזאָפישע פראַגן, אַז די גרויסע וועלט-פּראָבלעמען האָבן זיי נישט אינטערעסירט. זייער וועלט איז געווען אַ קליינינקע, זייערע השגות באַגרענעצטע, און זייער גאָט איז געווען אַ לאָקאַלער, אַ נאַציאָנאַלער, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן און באַלעבאַטעווען בלויז איבער זיין לאַנד און איבער זיין פאָלק. אַנדערע פעלקער און אַנדערע לענדער האָבן זיך, לויט זייערע דעמאָלטיקע אָנזיכטן, געהאַט זייערע באַזונדערע געטער.

דאָס איז אמת נאָר ביז אַ געוויסן גראַד. ווען די יידן זענען געווען אין אַ פּרימיטיוון צושטאַנד, איז זייער באַגריף פון גאָט ווירקלעך געווען אַ גראָבער און באַגרענעצטער. אין דעם האָבן זיי זיך ווייניק אונטערשיידט פון די אַנדערע פעלקער, וואָס שטייען אויף דער זעלביקער נידעריקער מדרגה פון אַנטוויקלונג. איבערבלייבעכצן פון דעם-דאָזיקן גראָבן באַגריף פון גאָט געפינען זיך אין מערערע שטעלן פון

די עלטערע טיילן פון דער ביבל. אָבער שוין אין ספר „דברים“ איז דער באַגריף פון גאָט זייער א הויכער און איידעלער, וואָס מוז זיין א פּראָדוקט פון ספּעקולאַטיוון דענקען. דער גאָט פון „דברים“ איז שוין נישט מער דער נאַציאָנאַלער און לאָקאַלער גאָט, נאָר דער איין-איינציקער גאָט פון דער גאַנצער וועלט. דער גאָט פון אַלע פעלקער. דער גאָט פון הימל און ערד און פון אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אויף זיי און אין זיי: „כי אין עוד מלבדו“ — עס איז נישטאָ נאָך איינער צו אים. דעם שרייבער אַרט שוין די קשיה, ווי קומט עס, וואָס דער גאָט פון דער גאַנצער וועלט האָט בלויז אויסגעקליבן דאָס יידישע פאָלק, און ער זוכט עס צו פאַרענטפערן דערמיט „כי אהב את אבותיך“, ער האָט ליב געהאַט דיינע עלטערן, א מין זכות אבות. עס מעג זיין א שוואַכער תירוץ, אָבער מען זעט דערפון, אז דער ענין איז אים קשה.

דער גאָט פון „דברים“ איז נישט בלויז איינער, נאָר ער איז אויך אומקערפּערלעך און אָן שום געשטאַלט: „כי לא ראיתם כל תמונה“ — איר האָט קיין געשטאַלט נישט געזען. דער שרייבער איז זייער שטאַרק מקפּיד אויף דעמדאָזיקן פּונקט און שטרייכט אונטער אָבער און ווידער, אז מען זאָל זיך נישט מאַכן קיין בילד פון גאָט, קיין שום געשטאַלט, נישט פון דעם, וואָס געפינט זיך אויף דער ערד, און נישט פון די „הערשאַפטן פון הימל“. עס איז קלאָר, אז צו אזא באַגריף פון גאָט קאָן מען קומען נאָר דורכן ספּעקולאַטיוון דענקען און אז די יידן האָבן זיך שוין דעמאָלט געהאַט באַשעפטיקט מיט פילאָזאָפישע פּראָבלעמען. ס'איז אמת, דער שרייבער גיט זיך נישט די מי צו באַגרינדן זיין פילאָזאָפישע וועלט-אַנשויונג; ער דיסקוטירט זי נישט; ער זוכט זי נישט צו באַווייזן דורך לאָגישע הנחות און אויספירונגען; ער ווייזט אונז נישט דעם דענקונגס-פּראָצעס, ווי אזוי ער איז צו איר געקומען, אָבער דאָס איז דעריבער, ווייל ער שרייבט נישט קיין פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונג, נאָר א פּראַקטישע עטיק, א פּראַקטישע תורה. פאַר א פּראַקטישער עטיק איז נישט אזוי וויכטיק די אַבסטראַקטע פאָרשטעלונג פון גאָט אַלס א פילאָזאָפישער באַגריף, ווי די פאָרשטעלונג פון אים אַלס אַן עטיש וועזן. אין דער יידישער תורה, אין דער יידישער וועלט-אַנשויונג, פאַרנעמט גאָט דעם ערשטן פּלאַץ אַלס אַן עטיש וועזן, אַלס דער גאָט פון גערעכטיקייט, דער גאָט פון רחמנות, דער גאָט פון לי-

בע. גאָט אַלס אַ פילאָזאָפישער באַגריף פאַרנעמט דעם צווייטן פּלאַץ. די תורה אַלס אַזעלכע האָט מיט זיעם פילאָזאָפישן באַגריף אַלס אַזעלכן נישט צו טון, כאָטש זי שליסט אים בשום אופן נישט אויס פון זיך. אין דעם זינען איז פּראָפעסאָר לאַזאַרוס גערעכט, ווען ער מאַכט זי באַהויפּטונג, אַז „גאָט איז דער קוואַל פון דער יידישער עטיק" („עטהיק דעס יודענטהומס"). דאָס איז די סיבה, וואָס אין יידנטום זענען נישטאָ קיין גלויבנס־דאָגמען. די דאָגמען זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן אין יידנטום ערשט שפּעטער, פון רמב"ם און אַנדערע, וואָס האָבן פון יידנטום געוואָלט מאַכן אַ פילאָזאָפיש סיסטעם אַנשטאָט אַ סיסטעם פון עטיק.

גאָט איז אַן עטיש וועזן, און דעריבער זענען אַלע טענות און תביעות, אַלע חקירות און צווייפלען, וואָס געפינען זיך אין דער ביבל געווענדט קעגן דער הנהגה, קעגן דער פירונג פון דער וועלט, וואָס שיינט צו זיין נישט לויט דעם יסוד פון דעם געטלעכן עטישן פּרינציפּ. „דו ביסט גערעכט, גאָט, און נישט איך קאָן זיך מיט דיר קריגן, אָבער פאַרשטיין וויל איך. פאַרוואָס זענען די רשעים גליקלעך? פאַרוואָס זענען די פאַלשע אַזוי רויק?" (ירמיה) „ריינע אויגן, דו קאָנסט קיין שלעכטס נישט זען, קאָנסט קיין אומרעכט נישט אָנקוקן, פאַרוואָס קוקסטו גלייכגילטיק אויף די פאַלשע? פאַרוואָס שווייגסטו, ווען דער רשע פאַרשלינגט דעם צדיק? פאַרוואָס האָסטו געמאַכט דעם מענטש ווי די פיש אין ים, ווי רמשים, וועלכע האָבן קיין הער נישט?" (חבקוק) „דער מענטש, געבוירן פון אַ פרוי, קורץ אין טעג און זאַט אין צרות. ווי אַ בלום עפּראָצט ער ארויס און ווערט באַלד פאַרוועלקט, אַזוי ווי אַ שאָטן, וואָס שטייט נישט אויף אַן אָרט. אויך מיט אים רעכנסטו זיך, אויך אים טוסטו באַשטראָפן?" „און האָב איך געזינדיקט, וואָס טו איך דען דיר, דו היטער פון מענטשן? פאַרוואָס האָסטו מיך געמאַכט פאַר אַ ציל פון דיין צאָרן? פאַרוואָס האָסטו מיר מיין לעבן געמאַכט פאַר אַ משא? פאַרוואָס קאָנסטו נישט פאַרטראָגן מיין זינד? אָט גיי איך באַלד צוריק צו דער ערד, דו זוכסט מיך און איך בין באַלד נישטאָ". „עס איז אַלץ איינס, זאָג איך, ער פאַרטיליקט די גוטע, ווי די שלעכטע... די וועלט איז אין די הענט פון די שלעכטע" (איוב). דאָס גאַנצע בוך איוב איז פול מיט דידאַקטישע טענות קעגן דעם סדר העולם, וואָס שטימט ניט מיט דעם עטישן פּרינציפּ. דער פּעסימיסטישער קהלת רעדט אויך אין דעם זעלבן טאָן: „און איך האָב געזען די אַלע

געוואלטטעטן, וואס ווערן באגאנגען אונטער דער זון; איך האב געזעען די טרערן פון די בארויבטע, איך האב געזעען די מעכטיקע רויבער, און עס איז נישטא פאר זיי קיין טרייסט". „אלץ, וואס טרעפט מיט דער בהמה, טרעפט אויך מיט דעם מענטש, עס איז אלץ איינס. דער מענטש און די בהמה שטארבן גלייך און עס איז גאר קיין חילוק נישט. דער מענטש איז נישט קיין גרעסערער יחסן פאר דער בהמה. ס'איז אלץ איין נארישקייט. אלץ גייט אין איין פלאץ; אלץ קומט פון דער ערד און אלץ גייט אהין צוריק" (קהלת).

גאט איז אן עטיש וועזן, דאס איז דער יסוד פון אלע יסודות. דאס איז דער „א" און דאס איז דער „ת" פון דער יידישער עטיק. די אויפגאבע פון דעם מענטש איז דעריבער אים נאכצוטון און צו גיין אין זיינע וועגן. „קדושים תהיו, כי קדוש אני" — הייליק זאלט איר זיין, ווייל איך בין הייליק.

נאך מיט מער שטארקייט ווערט דערדאזיקער געדאנק דורכגעפירט און אנטוויקלט אין תלמוד. דער תלמוד, ווי די ביבל, באשעפטיקט זיך אויך פארהעלטנישמעסיק גאנץ ווייניק מיט ספעקולאטיווע פראגן. דאס מיינט אבער בשום אופן נישט, אז די תלמודיסטן האבן נישט געוואוסט דערפון. פון הונדערטער שטעלן אין תלמוד קאן מען זעען, אז פיל פון די תלמודיסטן זענען געווען גוט באקאנט מיט דער פילאזאפיע פון זייער צייט. דעם איינפלוס פון דער גריכישער פילאזאפיע צום ביישפיל, איבערהויפט פ ל א ט א ס, קאן מען אנמערקן אין פיל פון זייערע לערעס און אין די „אגדות". די באהויפטונג פון ש מ ל א י, אז דאס קינד, איידער עס ווערט געבוירן, זעט פון איין ברעג וועלט ביז דער אנדערער און אז עס פארגעסט דאס אלץ ביים געבוירן ווערן, און אז דער מענטש ד ע ר מ א נ ט זיך ביסלעכווייז אין שפעטערדיקן לעבן, וואס ער האט אמאל געוואוסט, איז די באקאנטע לערעס פון פ ל א ט א, אז אונזער וויסן איז א ד ע ר י נ ע ר ו נ ג פון דער נשמה פון דעם, וואס זי האט געוואוסט פריער, ווען זי איז געווען אין די עולמות העליונים. דער תלמודישער אויסדרוק „צבת בצבת עשויה", די ערשטע צוואנג איז געמאכט געווארן נאך דעם מוסטער פון אן אור-צוואנג, איז פלאטאס לערע וועגן דער אידעעןוועלט. א חוץ דעם ווייסט דער תלמוד צו דערציילן פון געהיימע לערעס פון „מעשי בראשית" און „מעשי מרכבה". די תלמודיסטן פארבאטן נישט דעם שטודיום פון דידאזיקע געהיים-לערעס, זיי ראטן נאר

פֿאַרזיכטיקייט. מען דאַרף זיי נישט לערנען עפֿנטלעך, נאָר יחידים און ביחידות, העכסטנס זאַלבענאַנד. און דאָס אויך בלויז פֿאַר תּלמידים, וואָס זענען מסוגל דערצו, וואָס וועלן דורך דעם נישט אַראָפּגיין פֿון דרך־הישר. מען מעג זיי איבערגעבן בלויז צו אַזעלכע, הייסט עס, ביי וועמען דער פֿילאָזאָפֿישער באַגריף פֿון גאָט וועט נישט קומען אין קאָנפֿליקט. וועט נישט אויסווייזן ווי אַ סתירה מיט דעם עטישן באַגריף. נישט בלויז די יידישע פֿילאָזאָפֿן פֿון מיטלאַלטער, ווי צום ביישפּיל, דער רמב״ם, האָבן באַהויפּטעט, אַז די גריכן האָבן געבאָרגט זייער פֿילאָזאָפֿיע פֿון די יידן, נאָר אפֿילו די עלטערע יידישע פֿילאָזאָפֿן פֿון דער אַלעקסאַנדרישער שולע האָבן געמאַכט די זעלבע באַהויפּטונג*). די באַהויפּטונג האָט נאַטירלעך קיין היסטאָרישע באַגרינדונג נישט, אָבער זי באַווייזט יעדנפֿאַלס, אַז די פֿילאָזאָפֿישע פֿאָרשונגען זענען נישט געווען פֿרעמד צו די יידן שוין אַ לאַנגע צייט פֿאַר דער קריסט-לעכער צייט-רעכנונג, און אַז פֿיל פֿון די יידן האָבן דאָס אפֿילו באַטראַכט אַלס אַ ריין יידישן ענין.

די תּלמודיסטן זענען געווען באַקאַנט מיט דער פֿילאָזאָפֿיע, אָבער פֿאַר דער פּראַקטישער עטיק איז זי נישט וויכטיק, און דערפֿאַר באַ-שעפֿטיקט זיך נישט דער תּלמוד דערמיט. די תּלמודיסטן האָבן זיך מער באַשעפֿטיקט מיט דער עטישער זייט פֿון גאָטס נאַטור. די פֿראַגע פֿון „צדיק ורע לו, רשע וטוב לו“, פֿאַרוואָס איז דעם צדיק שלעכט און דעם רשע גוט, איז פֿאַר זיי וויכטיקער און אינטערעסאַנטער. מען געפֿינט שוין אָבער ביי זיי נישט אַזאַ שטאַרקע פֿאַרביטערונג קעגן דער אומגערעכטער וועלט-פֿירונג ווי אין דער ביבל, ווייל זיי האָבן שוין געהאַט אַ תּירוץ אויף דער קשיה: זיי האָבן שוין געוואוסט פֿון אַ לעבן נאָכן טויט און פֿון באַצאָלונג און באַשטראָפֿונג אויף „יענער וועלט“.

---

*) דער ערשטער, וואָס האָט געמאַכט דידאַזיקע באַהויפּטונג, איז געווען דער יידישער אַלעקסאַנדרישער פֿילאָזאָף אַריסטאָבאָלוס, וועלכער האָט גע-לעבט אַן ערך צוויי הונדערט יאָר פֿאַר דער קריסטלעכער צייט-רעכנונג (גריכישע פֿילאָזאָפֿיע, צעללער). עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ לעגענדע, אַז אַריס-טאָטעלעס האָט געקריגן זיינע לערעס פֿון די יידן, און יאָזעפֿוס אין זיין ווערק „קעגן אַפּיאָן“ דערמאָנט דידאַזיקע לעגענדע. שפּעטער האָבן זיך אפֿילו געפֿונען אַזעלכע, וואָס האָבן אַריסטאָטעלעסן גופֿא געמאַכט פֿאַר אַ ייד.

גאָט איז אַן עטיש וועזן, דאָס איז דער עיקר. די אויפגאַבע פון מענטש איז דעריבער אויך צו ווערן אַן עטיש וועזן. ער דאַרף נאָכטון גאָט און זיך באַהעפטן אין זיינע וועגן. אַזוי ווי איך בין באַרמהאַרציק, אַזוי זאָלסטו אויך זיין באַרמהאַרציק; אַזוי ווי איך בין לייטזעליק, אַזוי זאָלסטו אויך זיין לייטזעליק (מה אני רחום, אף אתה רחום; מה אני חנון, אף אתה חנון). גאָט איז גוט אפילו צו דעם, וואָס פאַרדינט עס נישט (וחנותי את אשר אחון אף על פי שאינו הגון ורחמתי את אשר ארחם, אעפ״י שאינו הגון), דעריבער דאַרף דער מענטש אויך אַזוי זיין. גאָט איז אַ רחמן אפילו אין זיין כעס, דעריבער דאַרף דער מענטש אויך אַזוי זיין. גאָט איז דורכאויס אמת. זיין חתימה איז אמת, דעריבער דאַרף אַ מענטש אויך זיין אַ בעל־אמת. גאָט איז גערעכט, דעריבער דאַרף דער מענטש אויך זיין גערעכט (מה הוא צדיק אף אתה היה צדיק). דער, וואָס פסקענט אַ גערעכטן דין, ווערט ווי אַ שותף צו גאָט אין דער וועלט־שעפונג (כל מי שמוציא דין לאמתו כאלו נעשה שותף להקב״ה במעשי בראשית).

גאָט האָט באַשאַפן די וועלט צוליב דעם מענטש. דער מענטש איז דער תכלית און דער מיטלפונקט פון דער גאַנצער שעפונג. „יעדער מענטש דאַרף דעריבער פילן אַזוי ווי די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן פון זיינעטוועגן" און „דער, וואָס האַלט אויף איין איינציק נפש, איז גלייך, ווי ער וואָלט אויפגעהאַלטן אַ גאַנצע וועלט". קיין מענטש איז נישט מער יחסן פאַר דעם אַנדערן: „מיין בלוט איז נישט רויטער ווי יענעמס". „דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אַן איינציקער (פון איין פאָר), כדי קיינער זאָל זיך נישט קענען גרויסן קעגן דעם אַנדערן". די שעפונג פון דער וועלט איז אַן אויסדרוק פון גאָטס עטישער נאַטור; עס איז אין דעם פאַראַן אַן עטישער צוועק, אַן עטישע כוונה.

גאָט טוט גוטס צוליב גוטס, אָן שום אַנדערע פניות, ווייל אַזוי איז זיין נאַטור. ער האָט נישט געהאַט קיינע צוועקן אין דער שעפונג, זי איז אַן אויספלוס פון זיין עטישער נאַטור, פון זיין אומענדלעכער גוטסקייט און באַרמהאַרציקייט: „קינדערלעך מיינע, פעלט מיר דען עפּעס, וואָס איך זוך פון אייך? איך וויל נאָר, אַז איר זאָלט זיך איינע די אַנדערע ליבן און ערן". און פונקט ווי גאָט דערוואַרט גאָרנישט פאַר דעם גוטס, וואָס ער טוט, אַזוי דאַרף דער מענטש אויך נישט דערוואַרטן קיין באַצאָלונג פאַר זיינע גוטע מעשים: „זייט נישט ווי קנעכט, וואָס דינען דעם האַר פאַר געצאָלט". דער מענטש דאַרף טון

גוטס אויס ליבע צו גוטס און נישט צוליב א באצאָלונג. „אַלץ, וואָס איר טוט, זאָלט איר טון אויס ליבע. דער, וואָס טוט אויס ליבע, איז גרעסער ווי דער, וואָס טוט אויס מורא". „די באַצאָלונג פון א מצווה איז די מצווה גופא; די באַשטראָפונג פון אַן עבירה איז די עבירה גופא". „עס איז בעסער איין שעה פון תשובה און גוטע טאָטן אויף דער וועלט, ווי דאָס גאַנצע צוקינפטיקע לעבן אויף יענער וועלט". די גוטע טאָט איז אַן און פאַר זיך שוין איר באַצאָלונג; די שלעכטע טאָט איז אַן און פאַר זיך איר באַשטראָפונג. דאָס מיינט אָבער בשום אופן נישט, אַז דער מענטש קריגט נישט קיין באַצאָלונג פאַר גוטס און באַשטראָפונג פאַר שלעכטס. דאָס מיינט בלויז, אַז זיינע מאָטיוון פון טון גוטס דאַרפן זיין ריינע, אידעלע, אָן וועלכע ס'איז עגאָיסטישע צוועקן.

דער מענטש האָט אַ פרייען ווילן. די ברירה איז ביי אים אין די הענט. ער קאָן טון גוטס און ער קאָן אויך טון שלעכטס: „זע, איך גיב אייך היינט דאָס לעבן און דאָס גוטע, דעם טויט און דאָס שלעכטע", „זאָלסטו אויסוויילן דאָס לעבן". גייט מען ארויס פון גאָט אַלס אַן עטישן באַגריף, מוז מען קומען צום געדאַנק, אַז דער מענטש האָט אַ פרייען ווילן. אויב דער מענטש קאָן נישט אויסקלייבן זיין וועג, אויב ער איז נישט קיין באַלעבאָס אויף זיך אַליין, אויב אַלץ, וואָס ער טוט, איז געצוואונגען און פון פאָרויס באַשטימט, דאַן איז דער מענטש נישט מער ווי אַן אויטאָמאַט און די גאַנצע עטיק האָט קיין שום פונדאַמענט נישט. זיין אויפפירונג, אַ גוטע צי אַ שלעכטע, איז דאַן אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פון אים. דאַן וועט עס דאַך הייסן, אַז נישט דער מענטש טוט אָדער דער מענטש טוט נישט געוויסע זאַכן, נאָר אַז געוויסע זאַכן טוען זיך אָדער טוען זיך נישט אין אים און דורך אים. דאָס יידנטום, שטרענג קאָנסעקווענט צום באַגריף פון גאָט אַלס אַן עטיש וועזן, מוז זיך האַלטן אָן דער לערע פון מענטשלעכן פרייען ווילן. דער תלמוד האַלט זיך שטאַרק אָן דער ביבלישער לערע פון פרייען ווילן, כאָטש ער פילט שוין די פילאָזאָפישע סתירה, וואָס ליגט צווישן גאָטס אַלוויסן און דעם מענטשלעכן פרייען ווילן. ער פרוווט אויסמיידן דידאַקטישע שוועריקייט: „אַלץ איז אין גאָטס הענט אַ חוץ פרומקייט"; „אַלץ ווערט געזען, אָבער די דערלויבניש איז געגעבן".

די באַציונג פון גאָט צו מענטש איז ווי אַ פאָטער צו אַ קינד. די מענטשן דאַרפן דעריבער ליבן גאָט, ווי קינדער ליבן זייער פאָטער. אין וואָס באַשטייט די ליבע צו גאָט? אין נאָכטון זיינע מעשים. ער־

האָט ליב און האָט רחמנות אויף אַלעמען, אַזוי דאַרף דער מענטש אויך ליבן און רחמנות האָבן אויף אַלעמען. די פּאַטערשאַפט פון גאָט מיינט נישט קיין אַנדערע זאַך, ווי די ברידערשאַפט פון די מענטשן: זיי דאַרפן זיך דעריבער ליבן ווי ברידער פון איין טאַטן. „און דו זאָלסט ליבן דיין חבר ווי זיך, דאָס איז אַ גרויסער כּלל אין דער תּורה". „וואָס דו האָסט פיינט, זאָלסטו דעם צווייטן נישט טון, דאָס איז די גאַנצע תּורה. די איבעריקע איז נאָר אַ פּירוש".

עס איז אוממעגלעך דאָ איבערצוגעבן אפילו אַ קליינעם טייל פון די אַלע עטישע שפּריכווערטער און געדאַנקען, וואָס געפינען זיך אין תּלמוד. מען קאָן מיט זיי אָנפילן גאַנצע ביכער. דאָ זענען בלויז אין קורצן געגעבן געוואָרן די הויפּט-יסודות פון דער תּלמודישער עטיק, און די פאַרשידענע מאמרים, וואָס זענען דאָ געבראַכט געוואָרן, דינען בלויז אַלס אילוסטראַציע און ביישפּיל. אין די אַלע אַנדערע ווערט אָבער מער אָדער ווייניקער, אין אַ שטאַרקערער אָדער שוואַכערער פאָרם, אויסגעדריקט דער זעלבער אַלץ אומפאַסנדער געדאַנק: גאָט אַלס אַן עטיש וועזן, די וועלט אַלס אַן עטישע געשעעניש, דער מענטש אַלס איר צענטער, וועלכער דאַרף דעריבער שטרעבן צו דערגרייכן די העכסטע מדרגה פון עטישער פולקאָמענהייט.

און רעדט מען וועגן גאָט אַלס אַן „עטיש וועזן", דאַרף אונטער דעם פאַרשטאַנען ווערן דאָס פאָלגנדע: גאָט פאַרלאַנגט פון דעם מענטש, אַז ער זאָל האַנדלען גוט און זיין גערעכט, נישט ווייל עס איז אים איינגעפאַלן אַזאַ מין קאַפּריז און עס האָט אים פּונקט אַזוי גוט געקאָנט איינפאַלן אַן אַנדערער קאַפּריז, נאָר ווייל גוטסקייט און גערעכטיקייט איז אין דעם עצם פון זיין וועזן, זיי זענען אַן אוממפאַרמיידלעכע פאָלגע פון זיין נאַטור. נישט דערפאַר איז אַ זאַך גוט אָדער שלעכט, ווייל גאָט האָט זי געהייסן טון אָדער פאַרבאָטן צו טון, נאָר ווייל זי איז גוט אָדער שלעכט האָט גאָט זי געהייסן אָדער נישט געהייסן טון. נישט גאָטס וואונטש איז די סיבּה פון אַ זאַכס גוטסקייט, און ווען זיין וואונטש וואָלט, למשל, געווען אַנדערש, וואָלט דאָס, וואָס מיר רופן היינט אומרעכט און שלעכט, געוואָרן רעכט און גוט, נאָר דער זאַכס גוטסקייט איז די סיבּה פון גאָטס וואונטש; גאָט וויל און פאַרלאַנגט עס, ווייל עס איז גוט. אַ טאַט איז עטיש נישט ווייל גאָט וויל זי, נאָר גאָט וויל זי, ווייל זי איז עטיש. גאָט איז אין זיין וועזן גוט און גערעכט

און דערפאַר, אַ לס אַ פּ ו ע ל - י ו צ א ד ע ר פ ו ן, פאַרלאַנגט ער, אַז דער מענטש זאָל האַנדלען גוט און גערעכט.

דער איבערבליק וואָלט נישט געווען גאַנץ, ווען עס זאָלן דאָ נישט דערמאַנט ווערן נאָך צוויי פּונקטן פון דער יידיש-תּלמודישער עטיק, מיט וועלכע זי שיידט זיך אונטער פון דער יידיש-קריסטלעכער עטיק, פון דער עטיק פון די ערשטע קריסטן, וועלכע איז אויך אינגאַנצן געבויט אויף יידישע יסודות און יידישע באַגריפן. כדי פאַרשטאַנען צו ווערן, איז נייטיק צו באַטאָנען, אַז דאָ ווערט געמיינט בלויז די עטיק און נישט די אמונות און רעליגיעזע דאָגמעס.

דער ערשטער פונקט איז דער נ א צ י אָ נ א ל ע ר. די ביבל לערנט, אַז די יידן זענען דאָס אויסדערוויילטע פאָלק. דער תּלמוד האַלט זיך פעסט אָן דערדאָזיקער לערע. „געליבט איז דער מענטש (דער מענטש ב כ ל ל), וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין גאָטס פאָרם". „געליבט זענען די יידן, וואָס רופן זיך גאָטס קינדער". די יידן שטייען אַלזאָ אויף אַ העכערער מדרגה ווי די אַנדערע פעלקער. די ביבל און אפילו דער עוואַנגעליום דערקלערן די אויסדערוויילונג פון דעם יידישן פאָלק, ווייל גאָט האָט געליבט זייער אור-פאָטער אברהם און האָט אים געגעבן אַזאַ פאַרשפּרעכן. בכלל האַלט זיך אויך דער תּלמוד אָן דערדאָזיקער דערקלערונג. אָבער עס געפינען זיך שוין צווישן די תּלמודיסטן אַזעלכע, וואָס זענען אפנים נישט צופרידן דערמיט און זיי זוכן אויך אַנדערע דערקלערונגען. „די תּורה איז געגעבן געוואָרן צו די יידן, ווייל די יידן זענען די פאַרביסנסטע און פאַרעקשנסטע („עזים") צווישן די פעלקער. אָן דער תּורה (אָן איר מילדן איינפלוס), וואָלט קיין אומה נישט געקאָנט ביישטיין קעגן זיי". אַן אַנדערער דערקלערט עס אויף אַזאַ אופן: „גאָט איז מיט די אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע. ער האָט זיך אָנגענומען פאַר הבל קעגן זיין ברודער קין"... „די יידן ווערן פאַרפאָלגט פון די אַנדערע פעלקער, דערפאַר האָט זיי גאָט אויסדערוויילט".

די אויסדערוויילונג פון יידישן פאָלק לייגט אויף אים אַרויף מער חובות, מער פליכטן; עס קריגט נישט קיינע ספּעציעלע פּריווילעגיעס,

אַ חוץ דעם, וואָס עס דאַרף זיין בעסער פאַר די אַנדערע פעלקער, אויב דאָס קאָן אָנגערופן ווערן אַ פּריווילעגיע. דער פרומער נישט-ייד איז אויך אַ בן-עולם-הבא, ער ווערט נישט אויסגעשלאָסן פון אייביקן לעבן. ער האָט אָבער ווייניקער פליכטן ווי דער ייד. פאַר די נישט-יידן זענען גענוג די „שבע מצוות בני נח", וועלכע זענען ריין עטישע און געזעלשאַפטלעכע באַשרענקונגען; דער ייד דאַרף דאַקעגן היטן די גאַנצע תורה. אָבער אויך די תורה איז נישט אָפּגעשלאָסן פון די אומות העולם, זיי קאָנען זיך אָן איר אָנשליסן, אויב זיי ווילן. אַ „גר צדק" איז פונקט אַזאַ יחסן, און ווי אַנדערע ווילן האָבן, נאָך אַ גרע-סערער יחסן, ווי דער בעסטער ייד.

אין דעם באַטראַכטן זיך פאַר דעם אויסדערוויילטן פאָלק זענען די יידן בשום אופן נישט קיין אויסנאַם. אַלע פעלקער, סיי די אַלטע, ווי די גריכן און די רוימער, און סיי די נייע פון די בייעסטע האָבן זיך באַטראַכט און באַטראַכטן זיך אַלס דאָס זאַלץ פון דער ערד, האָבן באַטראַכט און באַטראַכטן זייערע פאַרשידענע קולטורן אַלס די בעסטע. „דאָס", באַמערקט ריכטיק פּראָפעסאָר ל אַ ז אַ ר ו ס, „איז גיכער אַ נאַציאָנאַל-פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג און האָט נישט צו טון מיט דער עטיק". לאַזאַרוס געפינט, און נישט מיט אומרעכט, אַז די יידישע אָפּגעזונדערטקייט גופא האָט געהאַט אַ געווויסן עטישן צוועק.

דער יידישער אידעאַל איז די ענדלעכע פאַרברידערונג פון דער גאַנצער מענטשהייט, ווי עס איז אויסגעדריקט געוואָרן מערערע מאָל ביי די נביאים און די תּלמודיסטן. דער יידישער משיח-אידעאַל איז דער ענדלעכער טריומף פון יושר און אמת אויף דער גאַנצער וועלט, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, ווען אַלע וועלן אָנרופן איין גאָט. אָבער ביזוואַנען יענער אידעאַל וועט דערגרייכט ווערן, ביז יע-נעם גליקלעכן „לעתיד לבוא", מוז דאָס יידישע פאָלק דערהאַלטן זיין אינדיווידואַליטעט, טאָר עס זיך נישט אויסמישן און פאַרשווינדן צווישן די אַנדערע פעלקער, עס קומט אויס, אַז די יידישע אָפּגעזונדערטקייט, דאָס יידישע באַטראַכטן זיך פאַר דעם אויסדערוויילטן, איז גופא אַ מיטל צו דער וועלטלעכער פאַרברידערונג; דער יידישער „פּאַרטיקו-לאַריזם" איז אַ טריט צום אוניווערסאַליזם.

אין דעם, מיינט ל אַ ז אַ ר ו ס, באַשטייט דער גרויסער חילוק צווישן דער יידישער אָפּגעזונדערטקייט און דער אָפּגעזונדערט-קייט פון די אַנדערע פעלקער. די גריכן האָבן זיך באַטראַכט פאַר דעם

בעסטן אין אויסדערוויילטסטן פאָלק; אַלע אַנדערע זענען פאַררעכנט געוואָרן פאַר באַרבאַרן. אפילו פ ל א ט א אין זיין אידעאַלער רעפובליק שטעלט זיך פאָר, אַז די גריכן וועלן דאַרפן פירן מלחמות מיט די אַנדערע פעלקער. ביי יידן איז דער אידעאַלער צושטאַנד אַזאַ, ווען אַלע פעלקער גלייך וועלן רופן אין גאָטס נאָמען, ווען אַלע פעלקער וועלן זיין ברידער, ווען פון מלחמות וועט מער קיין זכר נישט זיין און פון שווערדן און שפּיזן וועלן געמאַכט ווערן אַקעראייזנס און שניידמעסערס, ווען טרערן און זיפצן וועלן מער נישט געזעען ווערן און געהערט ווערן אויף דער וועלט.

אויך דאָס קריסטנטום לייקנט נישט אָפּ די אויסדערוויילטקייט פון דעם יידישן פאָלק; עס באַהויפּטעט בלויז, אַז מיט דעם אָנקומען פון י ע ז ו ס ן איז שוין דער יידישער אידעאַל פאַרווירקלעכט געוואָרן, אַז די מענטשהייט איז שוין געוואָרן פאַרברידערט (!).

די שרעקלעכע פאַרפאָלגונגען, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געהאַט אויסצושטיין פון די אַרומיקע פעלקער, האָט ביי א טייל פון די יידישע געלערנטע געמוזט אַרויסרופן א געוויסע פאַרביטערטקייט און האַס קעגן זייערע פּייניקער. דאָס האָט געבראַכט דערצו, וואָס דאָ און דאָרטן געפינען זיך אין תּלמוד שטעלן, פאַרהעלטנישמעסיק ווייניק, אין וועלכע עס שפּירט זיך ווי א שנאה צו אַנדערע פעלקער, ערטער, וואָס שטייען נישט אויף דער געהעריקער עטישער הויכקייט. דאָס איז אָבער גאַנץ נאַטירלעך. ווען עמעצער פּייניקט אייך מיט אַלע ענויים, ברענט און בראָט אייך, מוז זיך אַמאָל ביי אייך אַרויסרייסן א בייז וואָרט אָדער א קללה.

דער צווייטער פּונקט איז, וואָס די תּלמודישע עטיק פאָדערט ט א ט ן, פאַר איר איז גלויבן אַליין ווייניק. פאַר איר איז ווייניק שיינע דרשות אַליין; זי פאָדערט, אַז א מענטש דאַרף זיין נישט בלויז א „נאה דורש" נאָר אויך א „נאה מקיים": די אַלגעמיינע עטישע פּרינציפּן דאַרפן פאַרקערפּערט ווערן אין זייערע פּרטים אין לעבן. די אַלע הויכע אידעאַלן און שיינע ווערטער האָבן קיין ממשות נישט, ווען זיי ווערן נישט דורכגעפירט אין פּראַקטישן לעבן. די טאַט, די „מעשים טובים", איז דער עיקר. „נאָך דיינע טאַטן וועסטו געמשפּט ווערן". „וועמענס טאַטן עס זענען מער ווי זיין חכמה, ווערט זיין חכמה דערהאַלטן, האָט זי א קיום; וועמענס טאַטן עס זענען ווייניקער ווי זיין חכמה, האָט זיין חכמה קיין קיום נישט". דורך דער טאַט קאָן מען

דערגרייכן די העכסטע עטישע מדרגה; די טאַט דיסציפּלינירט דעם מענטש און רייניקט אים פון שלעכטע נייגונגען.

זייענדיק אַ תורה פון פּראַקטישן לעבן, וואָס רעכנט זיך מיט דער ווירקלעכקייט, פאָדערט דעריבער נישט דער תלמוד דאָס אוממעגלעכע. „מען קאָן נישט אַרויסלאָזן אַזאַ גזרה, וואָס דער גרויסער עולם קאָן נישט ביישטיין". דער איינציקער, דער יחיד, מעג זיך שטרעבן צום העכסטן אידעאַל פון פולקאָמענהייט; דאָס איז אפילו זיין פליכט. „היילִיק זיך אפילו פון דעם, וואָס איז דיר דערלויבט". דער יחיד קאָן גיין פון איין מדרגה צו דער העכערער, ביזוואַנען ער דערגרייכט די אַלערהעכסטע מדרגה פון „רוח הקודש". אויף דעם כּלל אָבער קאָן מען נישט אַרויפוואַרפן אַזעלכע פאָדערונגען, וואָס זענען פאַר אים אוממעגלעך.

דאָס יידנטום פאַרלאַנגט ג ו ט ע מ ע ש י ם און איז נישט מקפּיד אויף די מ ח ש ב ו ת. אַ מענטש דאַרף טון גוטס, זאָל עס אפילו זיין מיט אַ פּניה, וואָרים פון „שלא לשמה" קומט ער „לשמה".

דערמיט קאָן אויך דערקלערט ווערן די אינטערעסאַנטע דערשיינונג, וואָס דאָס יידנטום האָט נישט פאַרבאָטן און נישט באַשטראָפט פאַר פרייע געדאַנקען. „גאָט האָט הנאה ווען עמעצער איז עוסק אין „מעשי בראשית" און „מעשי מרכּבה" אפילו ווען דאָס פירט אים צו טעותן". צווישן די יידישע פילאָזאָפן אין מיטלאַלטער האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דערלויבט די פרייעסטע געדאַנקען און זענען דערפאַר נישט פאַרפאָלגט געוואָרן, כּל-זמן זיי האָבן אָפּגעהיטן די תורה. „א ח ר" איז נישט פאַרשטויסן געוואָרן צוליב זיינע פרייע געדאַנקען, צוליב זיינע צווייפלען, נאָר ווייל ער האָט אָנגעפאַנגען „מקצץ זיין בנטיעות", ער האָט אויפגעהערט צו גיין אין דעם וועג פון דער תורה. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט א ו ר י א ל א ק א ס ט א און ב ר ו ך ש פּ י נ אָ ז אַ.

דאָס קריסטנטום איז געגרינדעט בלויז אויפן גלויבן, — עס קאָן דעריבער נישט דולדן קיין פרייע געדאַנקען. דאָס יידנטום פאָדערט טאָטן און אים קימערן נישט די מחשבות.

דאָס קריסטנטום האָט געברענט פאַר פרייע געדאַנקען; דאָס יידנטום האָט באַשטראָפט פאַר שלעכטע טאָטן,

# אינהאלט: